# ווידערוווּקס

## לידער, סאָנעטן און באַלאַדעס

א. נ. שטענצל

פערלאַג: „לשון און לעבן"

לאָנדאָן 1952

א פריינט, וואס וויל בלייבן אנאנים, האט מיר געגעבן א צושטייער צו דרוקן מיינס א בוך. ארויסגעבן מיינע מלחמה־ אדער די חורבן־לידער, די ישראל־ אדער די סאטירע־מאטיוון, צי גאר אן אפקלייב פון מיינע עסייען, בין איך פשוט נישט בכח איצט אפצוקלייבן און אויסצוסדרן. גיב איך ארויס די לירישע סעריע לידער „ווידערוווקס" געשריבן פון יולי 1950—יולי 1952. זיי זיינען כמעט אין דער זעלבער פארעם, נאר מיט מאנכע גאנץ קליינע ענדערונגען און אויך כמעט אין זעלבן סדר, לויט ווי זיי זיינען געווען גע־דרוקט די לעצטע צוויי יאר אין „לשון און לעבן."

ווייטשעפל חמשה עשר באב 1952.

ד. מ.

# הושע

נישט קיין אָרט מער צווישן מענטשן ער געפינט,
נאָר בייזקייט און ליגנט לייענט ער פון יעדן אויג,
דער קלאַנג פון זייער וואָרט געשפּאָלטן און הויל,
חניפה און כיטרע יעדער הכנעה־פאַרבויג.

ס'איז די גאַנצע שטאָט איין סאַרפנדיקע קייט,
פון גניבה, גזילה, שקר און אומרעכט;
מיט כוח גייט דער שטאַרקער, מיט פאַלש דער שוואַכער,
און ס'איז דער כהן פונם קעניג דער לייב־קנעכט.

אויף אויסגעלאָסענע פיס שטייט גאַנצע שטאָט!
אַ באַהאַלטענער בית־זונות ס'איז יעדעס הויז!
און אין בית־המקדש קומט מען זיך באַווייזן,
וועמענס זונה, אָנגעצירטער, זעט בעסער אויס.

זאָט איז די שטאָט, אַ גאָלד־געגאָסענער געץ!
און דער נביא, ווי מיטביינדלעך, שפּילט זיך מיט רייד!
נישט קיין רו דאָ ער וועט שוין געפינען מער,
אָפּ־רייסט־זיך זיין האַרץ ווי פון סאַרפנדיקער קייט.

און ווען פון שטאָט אַרויס אַן אַנטלאָפענער, —
אַ משוגענער הונט צו פאַרקריכן זיך אין אַ הייל, —
נישט גאָטס ווערטער שפּירט ער טריפן פון זיין מויל,
עס סלינען זיינע לעפצן מיט גיפטיק געהייל.

תאוהדיק וואָסערט זיין מויל בלוטיקע רייד,
שאַרפע מעסער שפּיצן בליצן זיי פון זיין בליק,
אַ פאַרביטערטער פאַרבייסט ער די ליפּן,
דעם גיפט אין בלוט אַריין צו שפּריצן זיך צוריק.

נישט שטראָפֿן דעם מענטש, נישט אים אויסצובעסערן,
תּאוהדיקע ביטערקייט ברענט זיין אינגעווייד!
אַ פֿלעדערמויז פֿאַרקאַלטנט אין זיין באָרד —
צעפֿלוידערט זיין מויל שוואַרץ צעפּלאָטערט מיט רייד:

„גנבֿ און גזלן און שקרן ס'איז דער מענטש,
אַ גיפֿט־מישער דער כּהן מישנדיק גאָטס בלוט,
און טלית פֿון תּכלת, וואָס דער שופֿט טראָגט,
צוצודעקן דאָס אומווערדיקע וואָס ער טוט.

„אָ, אַזאַ מין שטאָט וואָס גייט זי אים נאָך אָן?
זאָל זי דאָך אונטערגיין אין איר אייגענעם שמוץ!
אַלצדינג איז מסחר אויף וואָגשאָל פֿון נואף,
גאָלדשטיקלעך איז צעקלונגען זייער גוטס.

„אַזעלכע מענטשן, וואָס גייען אים אָן נאָך?
ביליק געשניצטע געטשקעס פֿון פֿאַרפֿוילטן האָלץ!
לויטן זאַלב־ריח פֿון די געשמירטע לייבער,
הייבן זיי די נעזער זייערע הויך און שטאָלץ.

„אַז הייליקער איז דאָך שוין די זונה אין שענק,
וואָס פֿאַרקויפֿט אָפֿן איר לייב פֿאַרן ביסן ברויט,
איז נישט דער פּורפּור־זייד, וואָס פֿאַרדעקט די שאַנד,
אָנגעזאַפּט מיט בלוט פֿון עלנדקייט און נויט — — —"

און ווען אויסער דער שטאָט, אין הינטער־געסל,
ביים פּראָסטן פֿאָלק זיצן ער בלייבט אין שענק ביים וויין,
צעפֿינקלען זיינע אויגן בעכערס צוויי פֿולע,
מיט בלוטיקן צאָרן שוימיק איבערצוגיין:

קעבס־ווייב אויף שויס, גלאָז אין האַנט זיצן זיי דאָ,
און אין דער היים פֿרוי און קינד הונגעריק אויסגייען,
אַז פֿאַרדינסט פֿון מאָרגן פֿאַרטרונקען שוין היינט,
איז דאָס לעבן פֿאַרמשכּנט ביים שטן אַליין!

און ווי קאָן דאָס אַנדערש זיין, אַנדערש ווערן,
אַז דאָס איז דאָס פאָלק — — — פאַרציט זיך ביטער זיין מויל,
אין זיין פּנים, אַ געגאַרבטע פאַרמעט פעל,
יעטווידער פאַלט צעשריבן פול גיפטיקן גרויל.

אַ פולער לאַגל אין טונקלען ווינקל דאָ,
איז פאַרצויגן זיין האַלז אַ פולער מיט געוויין;
אַז בישט אויסשרייען די ווערטער פון אים,
ווי אַ משוגע־הונט — די צונג צווישן די ציין —
— — — — — — — — — —

פון האַנט צו האַנט קלינגען פריידיק די גלעזער,
פול איז דאָס וויין־הויז מיט תאווה און מיט געזאַנג,
צו זיין קני שאַרט זיך צו האַלב נאַקעט אַ פרוי,
און קוקט אויף אים בישט מיט אויגן — מיט ציין־געבלאַנק!

ווי זי קוקט דאָס אים אַדורך, ביז טיף אויפן דנאָ,
מיט אירע ציין זי וואָלט אים געשפּאַלטן אויף צוויי!
און פון זיינע אויגן קוקנדיק אויף איר,
ווי אויסגערונען ס׳וואָלט פון אים זיין גאַנצער ווײ.

איר קול ווי ס׳גיסט זיך איבער זיין ביטער האַרץ,
זיסער האָניק ס׳וואָלט פון אירע ליפּן געטריפט!
שווערע גין־גאָלד טראָפּן פון לויטערן קלאַנג,
וואָלטן געזונקן אין אים אַלץ טיפער פאַרטיפט:

„. . . בישט פון אונז דאָ, דו ביזט איינער פון אויבן,
ס׳זיינען פאַרלאָפן דיינע אויגן בישט פון וויין;
אַז לעבן עס וויל דער נידריקער מענטש,
מוז ער שוין אַ שלעכטיקייט אין לעבן באַגיין.

„דו, בישט בעסער מיר קאָנען מאַכן די וועלט,
ווי גאָט האָט זי באַשאַפן זי איז גוט אַזוי;
וויפיל בייזע ענויים עס איז דאָ אין איר,
אַזוי פיל מער תענוגים עס טראָגט אין זיך די פרוי.

„די בייזע ביטערקייט פון דיינע ליפּן,
כ׳וועל זיי אויסקושן מיט די זיסקייט פון מיין מויל,
און ווען דיין קינד וועט צאַפּלען אונטער מיין האַרץ,
וועט אַרויס פון דיינעם דיין צאַפּלדיק גרויל.

„אַ פּראָסטע פרוי איך בין און ווייס עס געווי:
ברויך מען דען בעסער מאַכן וואָס גאָט האָט געמאַכט?"
און ווען איר קאָפּ איז אין זיין שויס געזונקן,
האָט ווי אַ לאַך־טויב זיין האַרץ פריידיק אויפגעלאַכט:

„איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר אויף אייביק,
איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר מיט רעכט און גנאָד,
און ווי גאָט האָט ליב די קינדער פון ישראל,
וועל איך דורך דיר ליב קריגן דעם מענטש און די שטאָט.

„אויף דיינע ליפּן וועל איך וועגן דאָס וואָרט,
אין דיין לייב וועט לעבעדיק ווערן מיין געפיל,
און אויף וויפיל דער מענטש קאָן עס דערטראָגן,
מיט לייב און לעבן דערפאַר צו ראַנגלען — מיין ציל.

„אָ, ס׳קאָן אויך גערעכטיקייט ווערן אַ געץ,
אַ בעל־תאוה־רוצח ווער עס דינט דערצו!
יאָ, נישט בעסער מיר קאָנען מאַכן די וועלט,
אָבער הייליק פראָסט ווערן ווי דאָס פאָלק, ווי דו.

„זע, ווי אַ קינד אונטער לעפּעלע פון האַרץ,
צעוואַקסט אַ וואָרט אין מיר, ווערט לעבעדיק און גרויס —
— — — — — — — — — — — — — — —
אַ פולער בעכער האָט לבנה געהאָנגען,
ווען די לעצטע פון וויין־הויז זיי זיינען אַרויס.

אָנגעגאָסענע מיט ליבשאַפט און מיט פרייד,
ווינקען די שטערן מיט גין־גאָלד צעבלינקטן ווינק;
האַלט אַ פרוי אים ב׳אָרעם, אָדער אַ מלאך?
באַפליגלט, צי באַרוישט, טרעט זיין שריט אַזוי גרינג?

אין טול־שלייערס זיידענע, ליכטיק בלויע,
אַן איינגעהילטע כלה, שטייט שטיל די שטאָט,
און זיין האָרץ צו איר, אַן איבערגייענדיקס,
פול מיט רחמים, מיט דערבאַרימונג און מיט גענאָד.

# נישט געשריבענער בריוו

פאַר יוליע

I

נאָך וואָס שרייבן דיר דען אַ בריוו,
אַז אַן אות צו דיר מיין יעדעס גליד?
מיינע געדאַנקען אַרום דיר,
גראַמען געזיווג׳ט אין אַ ליד.

און ווי דו זאָלסט נישט זיין צו מיר,
צוריקגעהאַלטן אַזוי און שטייף,
איך הער דאָס קלאַפּן פון דיין האַרץ —
אַ מאַרזע־באַנד וויקלט זיך מיין שלייף.

II

אָ, אַז אַ ליגנט עס איז שוין
יעדעס וואָרט, ווען ס׳איז אַרויסגערעדט!
און איז אַ ליד נישט פון ווערטער,
אַ מענטש דען נישט, ערלעכסטער פּאָעט?

אויף גאַס דרויסן פאַר מיין פענסטער,
אַזוי ליבלעך שפּילן זיך צוויי הינט,
אָ, ווי בין איך זיי מקנא,
ווי ערלעך זיי זייבען דאָס אַצינד.

III

אַ הונט געבונדן אויף אַ קייט,
ווען ער צעוויינט זיך אין לבנה־נאַכט — —
האָט דען ווען שוין וועלכער פּאָעט,
אַזאַ ליד צו לבנה פאַרטראַכט?

אַ, ווי נידריק עס איז דער מענטש,
אַז זיין ליבע צומאָל איז געדאַנק;
און ווילאַנג געדויערט ער דען,
קוים ווי ס'פֿאַרבײַשלענגלען פֿון אַ שלאַנג.

IV

— ביי יעדן ריר פון טיר כ'גיי זען,
צי שטייסט דו ניט דרויסן אויף דער שוועל?
עס האָט קיינער נישט אָנגעקלאַפּט,
מיין האַרץ איז עס וואָס קלאַפּט אַזוי שנעל.

— שאַ, פּאַלט נישט שאָרכנדיק אַראָפּ,
פון דיר אַ פלינק צוגעשיקטער בריוו?
נישט אָפּרייסן ס'זאָל זיך מיין האַרץ,
האַלט איך מיך אָטעם איין אַזוי טיף.

## זיבן מאל ארומוויקלען מ׳קאן די ערד

זיבן מאָל אַרומוויקלען מ׳קאָן די ערד,
מיט די געדאַנקען וואָס איך טראַכט פון דיר;
וועסט דו אין וויקעלעך זיי צעשניידן,
ווען אַ קינד דו וועסט אויסטראָגן פון מיר?

זיבן מאָל אַרומוויקלען מ׳קאָן די ערד,
מיט די געדאַנקען וואָס איך טראַכט פון דיר;
וועט מען מיט זיי מיין קבר אויסמעסטן,
נשמה־ליכטלעך אָנצוציגדן נאָך מיר?

זיבן מאָל אַרומוויקלען מ׳קאָן די ערד,
מיט די געדאַנקען וואָס איך טראַכט פון דיר;
אַ צאַפּלדיקער פויגל אין פּאָדים —
מיין געדאַנק ער פּאַרפּלאָנטערט מיך, איך שפּיר!

זיבן מאָל אַרומוויקלען מ׳קאָן די ערד,
מיט די געדאַנקען וואָס איך טראַכט פון דיר;
און קוים אַ זיבן שפּאַן ס׳ציט זיך דער וועג,
וואָס פאַרוויקלט מיין טריט ביז פאַר דיין טיר.

## די באגעגענונג
(סאָנעט)

אַז עס דאַכט זיך מיר, דו ביזט עס דאָרטן, יענע פרוי,
ווערט אַ הימל פון ביסעלע בלוי אין מיינע אויגן,
און מיט שווערע וואָלקנס עס ווערט באַלד איבערגעצויגן,
אין מיינע פאַרטונקלטע אויגן דאָס ביסעלע בלוי.

אָבער באַלד אַ וויגנדיקער גאַנג, דיינער, גענוי,
גלייך אויף וואָג־שאָלן עס וואָלט זיך מיין לעבן געוויגן!
און מיינע צוויי אויגן — איין געשפּאַנטער רעגנבויגן,
וואָלקנס, ווען ס׳קומט זיי אַקייגן די זון, פּונקט אַזוי —

אַ הימליש־בלויער וווּנדערלעכער פּאַראַדע־טויער,
פון אונזערע פאַרפלאָכטענע בליקן אויפגעשטעלט,
אַרום אונז אַ שטילע שטייט ראַפּטים די גאַנצע וועלט.

אַזוי גייען צוויי פון אונטער אַ חופּה אַפּויער,
דעם שפּילנדיקן אָרגל טרעטן אונזערע טריט,
גאָט אַליין איבער אונזערע קעפּ דעם האָפּן שיט.

# א שאָד אַ רגע צו פאַרלירן

אַז דו פּילסט דעם צאַפּל פון מיין האַרץ אונטער דייִנעם,
וועסט דו דאָך אַ צאַפּלדיק קינד פון מיר אויסטראָגן,
איז עס דאָך שוין בעסער אַז פון יענע ליפּעלעך,
דו זאָלסט זיך דערוויסן וואָס אַצינד כ׳וויל דיר זאָגן.

אַז יעדע רגע אָן אויפהער איך טראַכט נאָר פון דיר,
בין אויסגעפּילט מיט דיר ווי דיין טראַכט וועט עס ווערן,
וועסט דו שוין מיט געפּלאַפּל פון יענע ליפּעלעך,
מיינע נישט פאַרשטאַנענע רייד דעמאָלט דערהערן.

וואָלט איך יונג געווען, איבריק געווען וואָלט יעדעס וואָרט,
איצט אַז כ׳בין אַלט — אַ שאָד אַ רגע צו פאַרלירן!
און מיין געוויין וועסט שוין פאַרנעמען אין יענע נעכט,
ווען אונזער קינד וועט ס׳ערשטע ציינדעלע דערשפּירן.

# ליבע ליד

I

כסדר איך באַריר דיך מיט מייבע הענט,
ווייל איך מיין אַלץ, אַ חלום איז עס בלויז:
אפשר איז עס דאָס טראַכטעניש פון מיין האַרץ,
וואָס שפּאַרט אַזש פון מײנע אויגן אַרויס.

ווי זיכער איך וויל דאָס זיין אַז דו ביזט עס,
מיט מיין יעטווידן גליד איך באַריר דיין לייב!
אָבער אפשר מוז מען אַ ריפּ זיך שנײַדן,
גאַנץ צו דערשפירן ערשט: דאָס איז דאָס ווייב?

II

חיות אויף אַלע פיר דערגראַבלען מיר זיך,
עפּעס אַזעלכע טענער קומען אַרויס — —
איינס־ס׳אַנדערע לעבעדיק צו פאַרציקן,
זיך איינגעביסן אין די גאַרגלען — און אויס!

די שאַרפע ציינער, די נעגל, די גראַטשעס — —
גריוועס צעפלאָשעטע אונזער האָר־געקרויז!
און ווען מידע די אויגן עפענען זיך
אַזאַ געפינקל, אַזוי קלאָר, אַזוי גרויס.

III

דיינע שוואַרצע אַפּלען אין מיינע ליפּן,
טרויבן איינס ביי איינס שלינג איך זיי אַזוי פלינק;
אַ פולער ווײַנשטאָק, קוים אַרומצונעמען,
דיין פולער לייב אַזוי געצייטיקט און גרינג.

פון דיינע ליפּן דאָס זאַפטיקע זיסע,
איך טרינק עס ביזן דנאָ, ביז לעצטן טראָפּ,

און אַ באַרוישטער אַזוי, אַ צעטומלטער,
אין אַ צעעפנטן תהום איך פאַל אַראָפּ.

IV

ווי אין גאָטס האַנט גלייך דער געקנאָטענער ליים,
לייבהאַפטיקס אויסגעקנאָטן פון אונז אַצינד,
זע, פון מיין אָטעם איבער דיינע ליפּן,
אונטער דיין האַרץ קאָן לעבעדיקן אַ קינד.

מיט וואָס ווייניקער און וואונדערלעכער נס,
אַז מענטש פון מענטש ווערט געבוירן אַזוי,
פון לייבהאַפטיקער ליבשאַפט פון לייב צו לייב,
ווי פון גאָט מעוברת ס׳ווערט אַ יינג־פרוי׳׳

V

אַ, די מענטשן ווידער ליבן צו קענען,
מיטצושרעקן מיט זייער גרויל און שרעק,
איבער יעדער בהלה וואָס קאָן קומען,
זאָל פון אימה־ציטער מיין האַרץ מיר אַוועק — —

צו שטיין איבער דער ערד ווי איבער אַ וויג,
ווען צו ציינדלעך ס׳גייט אַ קינד און ס׳שרייט און וויינט,
אַז ווערן ס׳זאָל אַדורכגענומען מיין האַרץ,
ס׳האָט זיך מיט דיינעם גע׳זיווג׳ט און פאַראייניט.

VI

איז עס די אומענדלעכקייט פון דער ליבע,
אָדער דער פלאָנטער, וואָס קניפּט און פאַרשלייפט ?
ווייל איז דעם מענטש, ווי אַ בוים זיינע פרוכט,
ער נישט באַגרייפט ווי ס׳צייטיקט און רייפט.

עס איז גאָט, וואָס פאַרשטייט דעם צאַפּל פון האַרץ !
מיר קוים אין געציטער פון הויט צו הויט,
דערפילן שטאַרקער די אייביקייט פון וועלט,
ווי דעם פחד פאַרן אייגענעם טויט — — —

# נישט געדאנקען מער, נישט געפילן

נישט געדאַנקען מער, נישט געפילן,
לייב ביי לייב דאָס לעבן דערפילן;
פאַר שפּילכל קינד זאָל זיך שפּילן,
לייב און לעבן אַוועקצוגעבן.

נישט ביי דער זייט מער שטיין, דערנעבן,
ווי אַ פרעמדער זיך צוצוקוקן,
ווען בלוטיק און ווילד מסוכן
איבער דער וועלט ס׳מעסער נעמט צוקן.

פון שרעק צעציטערט און צעליטן,
שטיין איך וויל אין בלוטיקן מיטן;
דאָרט וווּ די ווונד ווערט געשניטן,
לייב און לעבן אַוועקצוגעבן.

אַזוי־אַ ווי ס׳איז, איז דאָס לעבן,
און אַנדערש וועט עס שוין נישט ווערן!
זאָל דאָך די פרייד אונז נאָך געהערן
פון געאייביקטן ווידערקערן — — —

ווי וווּנדערלעך ווי שיין, ווי שענער!
דער שכל, צי משיג זיין קען ער,
די רגע פרייד פאַר איינציק יענער,
לייב און לעבן אַוועקצוגעבן —
— — — — — — — — —

ס׳איז אַ שפּילכל דאָס לעבן!
לאָמיר דערמיט ווי קינדער שפּילן,
נישט געדאַנקען מער, נישט געפילן,
לייבהאַפטיק אַזוי עס דערפילן.

## מענטשן צוויי

(קליינע גרויס־שטאָט־באַלאַדע)

בלינד שטייען די מויערן, מיד ציען זיך די גאַסן,
און מיליאָנען, מיליאָנען לויפן זיך פאַרביי,
און ווי אין אַ שפּיגל איינער קייגן אַנדערן,
עס בלייבן שטיל שטיין מענטשן צוויי.

עס רייסן זיך מיליאָנען פון עק וועלט צו עק וועלט,
אויף פּלאַטער פון ווינטן און אויף רעדער געדריי,
און אייביק און געהייליקט, לויטער ווי אין שפּיגל,
בלייבן בלויז שטיין מענטשן נאָר צוויי.

ווי וווּנדערלעך זיי קוקן, גלייך אַ נס געיט געשען,
אין זייער בליק ווערט געבוירן די וועלט אויפסניי!
דאָס גאַנצע לעבן ס'איז דער וווּנדערלעכער רעם נאָר,
פאַר געשפּיגל פון מענטשן צוויי.

ווּעמען אַרט עס, אַז אין טויזנט שטיקער צעשפּליטערט
אַ דריטער אַ שפּליטער פון זיי?
וועט צווישן מויערן, בלינד ציענדיקע גאַסן,
נאָך איינער ציען מיד פאַרביי —

— — — — — — — — —

* * *

דורך טויזנט טירן מען גייט צו דער געליבטער,
אָבער דורך איינער בלויז צוריק מען גייט אַרויס!
גליקלעך איז יענער, וואָס נאָך „טויזנט און איין נאַכט“,
אַרויסקומענדיק, ער ווייסט נאָך, ווו איין ווו אויס.

מיט טויזנט דורות איז מען פריידיק צעשפיגלט —
אַרום זיך, אַרומדרייענדיקער לאַבירינט!
צו דערלעבן, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר,
איבערצולאָזן נאָך זיך אַ וויינענדיק קינד.

טויזנט געדאַנקען און געפילן נאָך מערער — —
מען מוז דאָך האָבן עפּעס צו האַלטן זיך פעסט!
נישט אַוועקצופליען ווי פלעווע, כאָטש בלייבן
אַן איינגעבויעט הערל אין אַ שוואַלבן נעסט.

## „כלה־מתנות״ . . .
מיין מאַמעס שנירלעך פּערל

מיין מאַמעס זיבן שנירלעך פּערל — —
יעדע אָפּגעציילטע פּערל אויף שנירל,
פון איר תחינה אַן אויפגעצויגן טרערל.

שבת פרי פון אונזער הויפּל דאָס טירל,
שטיל אַן עפן אויף עס האָט זיך געגעבן,
אין גאַנצן אַרום קיין שאָרך נישט, קיין רירל.

אַ גרעזל אַ הויב עס זאָל זיך דאָס געבן ;
די ערשטע ס׳איז מאַמע אין שול געגאַנגען,
טריט ביי טריטל מיט סידור איך דערנעבן.

ר׳איז נאָך דאָ דער שריט אין מיינע געזאַנגען !
אָבער פון תחינה ס׳פּערלמוטנע טרערל ?
אפשר אַרום שכינה־האַלז אויפגעהאַנגען,

האָט גאָט מיין מוטערס זיבן שנירלעך פּערל.

## די באָבעס בראָש

(דעם הייליקן אָנדענק פון מיין שוועסטער)

ווען עס האָט די באָבע איר ברוסט־טיכל
אין אַ שטערן־טיכל זיך אויפגעבייט,
איר צירונג צווישן אייניקלעך פאַרטיילט :
וואָס ברויך זי נאָך די נאַרישע שמאָכנעס,
זי געהער דאָך שוין צו די אַלטע לייט . . .

אונזער צימעלען האָט זי געגעבן
די באַמבלדיקע אוירינגלעך די צוויי,
אין שול צו פירן קומען ס׳וועט די צייט;
און פּאָר אַ גוט אויג זי צו באַהיטן,
נאָך צוגעלייגט דעם בראַנזעלעט דאַביי.

די שענסטע איז דאָך צימעלע געווען!
און דער רויטער רובין אין בראַנזעלעט,
ווי וועט ער פּאַסן איר פולן אָרעם,
ווען שבת נאָכן שלאָף מ׳גייט אויף „כיבוד",
איר שלאַנקן גאַנג שטיל נאָכקוקן מען וועט.

בלויז די צימעלעך אין אונזער משפּחה,
מ׳האָט גאַנצע אוצרות פאַרטיילן געקענט!
האָט באָבע געטיילט קייטעלעך, האַלז־בענד,
פולע רייפלעך, פינגערלעך — פולע הענט!
און עס האָט גאָרנישט גענומען קיין ענד.

נאָר איין בראָשל זיך איבערגעלאָזן,
איר ערשטע כלה־מתנה געווען!
און נאָך אויף איר אור־אייניקלס חתונה,
אין בראָשל אויף איינגעפאַלענער ברוסט,
ווי אַ כלה האָט באָבע אויסגעזען.

* * *

ווען אין גאַז־קאַמער מען האָט געפירט,
אַ פאַרבראָכענע אירע שלאַנקע הענט,
ווי האָט מיין שוועסטער דעמלט אויסגעזען?
רויטער רובין פון באָבעס בראַנזעלעט,
האָט זון אויף הימל נקמה געברענט — — —

## קרעלן

פון זעקעלע קרעלן, פון פאַרשטייפטן,
וואָס אין אויבערשטן שופלעדל געלעגן,
פאַר טעכטער, פאַר שנירן, פאַר אייניקלעך
שנירלעך קרעלן אויפציען מיר פלעגן;
נאָך פון דער עלטער־באָבעס ירושה,
איז עס אויבן אין שופלעדל געלעגן.

קליינינקע אָזעלכע, רויזלעך מאַטע,
און גרויסע קיילעכדיקע, בלוטיק רויטע,
און קאַנטיק בלייכע, אויסגעזויגענע,
אַראָפּגעצויגן פון האַלז פון אַ טויטע,
אויפציען מיר פלעגן אין שבת־צונאַכטן,
אויף זיידענע שנירלעך בלוטיק רויטע.

אַז צעשיטן עס פלעגט זיך אַ שנירל,
און אונטערן טיש זיי צוזאַמענקלויבן,
ווער די בלייכסטע, די קליינסטע געפינען,
אַמייסטן די באָבע דערפאַר פלעגט לויבן.
אונטער אונזער טיש ווי די ים־טויכער,
פלעגן מיר די קרעלן צוזאַמענקלויבן . . .

כלות צו באָבעס קרעל מ׳פלעגט צו קלויבן!
שוואַרץ־גלאַנציקע האָר, שוואַרץ־פלאַמיקע אויגן,
און די ליפלעך זיידענע, צעגלאַנצטע,
צניעותדיק פאַרשנירלט, באַחנט פאַרצויגן;
שוין דעמאָלט אונטערן טיש זוכנדיק,
געזען כ׳האָב דיינע האָר און דיינע אויגן —
— — — — — — — — — — —

צעשיט איז דאָס זעקעלע מיט קרעלן,
די שנירלעך פון טויטע אַראָפּגעצויגן,
ווי אַזוי קרעלן פאַר דיר געפינען,
אַז בלאָס אַזוי און קליין און אויסגעזויגן ?
אָבער פלעגט מיך בחינם באָבע לויבן,
ווען אונטער טיש זוכנדיק אויסגעצויגן ?

ווי צניעותדיק פאַרצויגן, ווי באַחנט,
ס׳שנירלען זיך אַטלעס־זײַדן דײַנע ליפּן !
איך וועל געפינען די צעשיטע קרעל,
זיי אויפציען און אין שנירלעך פאַרקניפּן ;
איך פיל יעדע געפונענע קרעל שוין,
רויט און קײַלעכיק גרויס אויף מײַנע ליפּן.

## דער אַמעטיסט־רינג

ער איז אַזוי שיין דער הימל פאַר מײַן פענסטער,
נאָך קיינמאָל אַזוי איך האָב אים נישט געזען,
גלײַך אַ שטיק פון דײַן ענטבלויזטן לײַב אַזוי שיין — —
וועסט דו אים היינט אויך אַזוי קענען זען ?

מיט מײַנע בליקן דאָס פּיצעלע פון הימל,
איך שנייד אויסעט און שיק עס דיר אַהין,
עס אײַנצופאַסן אַן אַמעטיסט אין אַ רינג,
ברוינלעך־בלוילעך דורכגליט וויאָלעט־קאַרמאַזין —

וואַרעם צוגעדעקט מיט וואָלקנס איז דער הימל,
אַ חלום וואָלט אים פאַרמאַטערט זעט ער אויס,
נאָר דאָס שטיקעלע ענטבלויזטע, וואָס מען זעט —
גאַנצער זון־אויפגיי שײַנט שטיל דערפון אַרויס.

און דאָס ערשטע טויבן־געקרייז פאַר מײַן פענסטער,
ווי קומט עס היינט אַזוי באַגײַנענדיק פרי ?
אין זייערע קרײַזן איך פּאַס עס טאַקע אײַן,
און שיק עס דיר אַריבער מיט זייער געפלי.

### אַקוואַמאַרין (פאַר דיין „האַלידעי״)

און ווען דווקא צו מיינע אויג־אַפּלען,
עס פּאַסט דער איינגעפאַסטער אַקוואַמאַרין,
לייג איך זיי אַריין אין גאָלד פון דיינע הענט,
און דורך די שפּאַלטן פון פינגער דיינע,
צעבליצט דער אַרום אין צעבלוילעכטן גרין.

און דאָרטן ביים ים, אַז דו וועסט קוקן אויף אים,
טיפער ווי אין ים וועסט דו קוקן אין מיין האַרץ:
ווי ס׳ברויזט דאָס רוגזהדיק אויף ווילד צעשורגעט,
און ווי שטיל פאַרשוויגן מיט אַמאָל עס ווערט —
אַ פינקלדיק פאַרשטיינערט איינגעפאַסטער קוואַרץ.

### אַ קריסטאַל

פון מיינע אויגן די טרער געפאַלן אויף דיין האַלז,
אויף „גאָלדענער קייט״ אונזערער הענגען צו בלייבן,
אַ קלאָר געצויגענער לאַנג געשליפענער קריסטאַל —

פון זאַנפטן פאַלטן צווישן די בריסט טיף אין האַרץ אַריין,
ליכטיק צוצעפינקלען און אין דיין בלוט צעריגען,
אונזער גראַנגל־צאַפּל צווישן זיין און צעפאַל.

און אַז אַ קינד מיינס וועט זייגן מילך פון דיין ברוסט,
זאָל באַמבלען שווער און פינקלען אין זיינע אייגעלעך,
דער קלאָר געצויגענער לאַנג געשליפענער קריסטאַל.

צווישן דער פולער שפע פון דיינע זאַנפטע בריסט,
לעבעדיק צעצאַפּלט מיט הענטלעך און מיט פיסלעך,
פול געזויגענע אייגלעך צעפינקלט מיט טל.

### דאָס גינגאָלדן הערצל

נישט אויף גילדן קייטעלע גינגאָלדן הערצל,
מיין בילדל אינעווייניק אַריינגעקלעבט;
נישט אַ דימענט באַזעצטע ציטער־נאָדל,
פון דיין יעדן אָטעם תאוהדיק אויפגעשוועבט.

פילסט דו דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ אין דיינע הענט,
גילדן עס העמערט זיך גינגאָלדן געדיכט ?
עפּן עס דאַך אויף, וועסט אינעווייניק דערזען,
דאָס אַריינגעקלעבטע בילדל פון אונזער קינד.

דער געהעמערטער זילבער־רייפן
(אַ ווייטשעפּל־געסל־באַלאַדע)

עס האָט רבי עקיבא די שטאָט ירושלים,
אַ גאָלד־דיאַדעם פאַר זיין ווייב געלאָזט אויסשמידן,
איך וועל כאָטש ס׳געסעלע דאָ — אַ זילבער־רייפן,
אין געשטילטע סודות געשמידט צון אין פרידן — —

עס האַמערט אַרום דאָ די שטאָט מיט טויזנט האַמערס,
דאָס פּראַכן פון בלאָז־זאַק צו הערן פון ווייטן,
אויף די הענט, אויף די פיס פון אירע קנעכט און שקלאַפן,
קאָוועט שטאָט אַציגד אייזן געשמידטע קייטן.

דו, מיר וועלן וואַרטן ביז שטיל ס׳וועט ווערן די שטאָט,
ביז לבנה דאָס געסל דאָ וועט דערגרייכן,
און די טונקלע שרעק, וואָס שלייכט שטיל אַרום דיין האַרץ,
וועט מיט לעצט קריכנדיקן שאָטן פאַרבלייכן.

איז לבנה נישט אַן אָפּשיין פון יענעם סאַפּיר־שטיין,
וואָס נאָר איין בליק אויף אים און ס׳האַרץ טוט ער היילן ?
אין אַזעלכע שרעק נעכט, האַלטנדיק מיך אויף איר שויס,
פלעגט מאַמע פון דעם איידלשטיין מיר דערציילן —

שאַ, שוין ציט זיך דער הימל־פּאַס שמאָל אַרום דיין קאָפּ,
טונקל־געהעמערט אַ טולע־זילבער שטרייפן ;
און יענע צעווינקלטע מויער, בלוי צעשאָטנט,
ווי זי פּאַסט דאָס צום ווינקל פון זיינע שלייפן.

ווי בולט עס סטאַרטשעט מיט געשליפענע קאַנטן,
אַ פאַרהילטער סוד וואָלט זיך ווו דאָ באַהאַלטן ;
געשפּיצט אויפגעציקט מעסער פון „טויזנט און איין נאַכט“
גראַווירט, אַמאַליע־צעגלאַנצט, אימה־געשטאַלטן.

מיט יעדן פלינקן דורכלויף פון אָמניבוס הינטן,
בלייכט עס פייכט אויף מיט טוי באַלאָפּענע אָפּאַלן;
שעמעוודיק לאָזט ס'געסל די שוואַרץ־אַפּלען אַראָפּ,
ווי אין ווײַרוויכיקן לאַמפּיאַדן־צעשטראַלן —

ס'ציילט שטאָט די נאַכט־לעמפּ שוין — פאַטשערקעס פאַר שלאָפן גיין
און דרימלט כסדר איין אין מיטן ציילן,
פאַלט אַנידער אויף קני און כאַפּט זיך ווידער פלינק אויף,
אויף שפּיץ־פינגער ערגעץ־ווו וויכטיק צו איילן — —

איז אַ שוואַרצע קאַץ דורכגעלאָפן צווישן אונז,
אַ צעפינקלטע מיט אויגן צוויי סאַפּירן?
וועסט דו מיך אין טונקל פון נאַכט, איך דיך אין בלענדל פון טאָג,
אָדער גאָר — איינער אין צווייטן זיך פאַרלירן — — —

שאַ, די לבנה איז אַצינד הויך איבער דיין קאָפּ,
אין געהעמערטן רייפן פונקט אינדערמיטן,
אַ קעניגן אין דיאַדעם ביזטו אויף מיין שויס,
בלויז דיין ווינקל ליפּ צוקט אַזוי צעליטן —

וואַגן עס די שוואַרץ־צעגלאַנצטע אימה־געשטאַלטן
מיט געצוקטן מעסער דיך איבערצושרעקן?
ווי עמאַליע זילבעריק ס'בלייכן דיינע שלייפן
ווי זיי וואָלטן אַ סוד אין די ווינקלען פאַרשטעקן — — —

עס האָט רבי עקיבא די שטאָט ירושלים,
אַ גאָלד־דיאַדעם פאַר זיין ווייב געלאָזט אויסשמידן,
איך וועל כאָטש ס'געסל דאָ — אַ זילבער רייפן,
אין געשטילטע סודות געשמידט און אין פרידן.

אַ ציטער נאָדל

ס'ציטערט אַ בליק איבער באַוועגטער ברוסט —
אַ ציטער נאָדל אַ דימענטן־באַזעצטע!
טיפער ווי שאַרפסטער שפּיץ ס'קאָן גיין אַ בליק,
אַרויסגעשפּיצט פון צווישן וויעס באַנעצטע.

בלוטיק צעקרעלט ווי פון אַ נאָדל־שפּיץ,
פון אַ פאַרשטאָכענעם בליק אַ האַרץ קאָן ווערן ;
אַ ציטער נאָדל, אַ צעשימערטע,
אַ צעגליטער בליק אין געפינקל פון טרערן.

## רעגנבויגן־רינג

פאַרוואָס פאַסט מען דען אין אײדל־שטײנער אין רינגען
און מען ברענגט זײ כּלה־מתּנות צו די געליבטע ?
— טוליענדיק־טליענדיקע, שטיל אויסגעגאַנגענע,
פאַרשטײנערט שוין, לײכטן נאָך אַלץ די אײדל באַטריבטע —

צווישן די ווײַס זײערע פאַרקוועטשטע טרערן,
אונטער דער ערד נאָך טליען זײ פאַרשאָטענע זונען !
רובינען־אָדערן ציען קאַלט פאַרשטײנערט,
ליבע־פאַרשעמטע, בלוטן אויפשוידערדיק גערונען — —

אין אַזאַ אײדל־שטײן ס׳שפּיגלט זיך די געליבטע,
און אַ געאײדלט פאַרשטײן גײט אויף אין אירע אויגן ;
ס׳ווערט איר האַרץ מיט ליבשאַפט אָנגעפילט, מיט גוטסקײט,
פונקט ווי גאָט, ווען געקוקט ער האָט אויפן רעגנבויגן.

און איז נישט דער רעגנבויגן גאָטס רינג אפשר גאָר,
אַן אויסגעזעצטער גאַנץ מיט אָפּאַלן, מיט סאַפּירן — —
און ערשט ווען זײן גרויסער דימאַנט, די זון, פאַרדעקט איז,
קאָן מען זען זײערע אײדעלע שטילע קאָלירן ?

## דער רינג פון חאַטורן

בויערט מען דיר אַן אויער דיך צו פאַרשקלאַפן,
אָדער ציט מען דיר גאָר אַ רינג דורך דער ליפּ ?
איך פיל ווי דו אויפשוידערסט, דו ווילסט אויסשרײַען — —
אָ, דו ביזט דאָך פון מײנע ריפּן אַ ריפּ.

יאָ, עס געבויערנט זיך טיף אונטער דיין האַרצן
אַ מיידעלע, אַ ייִנגעלע — אַ צווילינג ?
פאַר דיין בוירעדיקן פינגער אין מיין האַרץ,
כ׳נעם פון הימל אַראָפּ דעם סאַטורן־רינג.

### דאָס פּלאַטאָנישע פּלאַטין־רינגל

אַרום פינגער, אַרומגערינגלט אָקאַרשט,
ערשט צײַנדל אויסגעביסן,
געזאָלט זיין איר קדושין־רינגל ;
און אַ נאָמען טראָגן עס זאָל נאָך מיר,
אויב געווען עס וואָלט אַ ייִנגל.

איז עס גאָר אַ מיידל געוואָרן,
אַ גרויסע — אויף מיין שויס שוין זיצט זי !
און איר פינגער פול איז מיט רינגלעך —
אויסגעביסן ס׳וואָלטן צײַנדלעך זיך,
אַ גאַנצער טוץ אַנטוויינטע ייִנגלעך.

### אויף מאַמעס גאָלדן־קייטל

ווי די מילך פון מיין מאַמען,
וואָס אין מיר איינגעזויגן,
האָט מאַמעס גאָלדענער לייב
געזעטיקט מיינע אויגן.

די מאַמעס ברוסט זייגנדיק,
כ׳בין שוין געווען אַ לייטל !
אַ שמשונדל, געבונדן,
אין גאָלד־געפלאָכטן קייטל.

עס גראַבלען זיך די הענטלעך,
פּלאָנטערן און געפינען —
פון זונען־לייב מיין מאַמעס,
אַ גאָלד־שטראַל וואָלט גערינען.

די ציינדלעך אויסגעביסן
ב׳זייגערל־גאָלדן־אויערל!
אויף מאַמעס גאָלדן־קייטל
געהאָנגען שוין מיין גורל —

ס׳טיקט און ס׳טאַקט ווי מאַמעס האַרץ,
און ס׳פּאַרקלעמט, אַ פינגערל — — —
מיט אָפן מויל כ׳זיץ אויף שויס,
נישט אַ קינד — אַ זינגערל.

די קלעאָפּאַטראַ־קאַמעא
(סאָנעט)

נישט אַ גרעסטע פּערל פון וווּנדערלעכסטן שנירל,
צעריבן מיט אַ קנירש פון אירע פּערלדיקע ציין,
אין בעכער פון שאַרפסטן וויין אויף דנאָ געלאָזן צעגיין,
איר צופוסן עפּעס אַ בעל־תאווה גבירל.

ס׳אינערלעכע פון זיין האַרץ, ווי אַ קרעבס געשווירל,
מיט געשפּיצטער שאַרפער שווערד זיך אויסגעשניטן אַליין,
ער, מאַרקוס אַנטאָניוס, פון די העלדן דער גלאָריע־שיין,
מיט ליפּ ער זאָל דאָס טון אַ צוק, מיט ברעם אַ ריירל.

„. . . אַזוי וווּנדערלעך שיין כ׳האָב דיך נאָך קיינמאָל נישט געזען,
קלעאָפּאַטראַ, צו לעבן דאָס לעבן ס׳איז ווערט געווען!“
די לעצטע ווערטער וואָס געהאַט ר׳האָט איר צו זאָגן — —

איצט שניידט זי מיט איר שאַרפן בליק ווי מיט שוואַרצן גראַניט,
פון איר האַרצן אַרויס מאַרקוס אַנטאָניאָס שאָטן־שניט —
אויף איר ברוסט אַ קמיע אים אייביק צו טראָגן.

„מזל“ . . .

אַ גאָלדן מזוזהלע, אַ מגן־דודל,
צי אַן אויסגעשניטענעם „מזל“ גאָר,
אָדער אפשר דאָס קונציק נאָכגעמאַכטע
האָליווּד־שפּילקעלע פאַר די האָר?

כ׳האָב לאַנג אַמאָל צוויי הינטעלעך געקויפט,
צי איז עס אַ זילבערן חזירל געווען?
און דאָס גליק אין יענע צוויי אויגן,
שטייענדיק איצט דאָ פאַר שויפענסטער, כ׳קאָנס נאָך זען.

## דאָס עליזאַבעט־מעדאַליאָנדל

באָמבלט דאָס מעדאַליאָנדל לײדיק אויף איר ברוסט,
אָדער איז איר האַרץ נאָך גאַנץ אויסגעפילט מיט מיר?
ווי ס׳זאָל נישט זיין, איך וויל פון מער גאַרנישט וויסן:
די רינגלעך פון מיין שוועסטער אַראָפּרייסנדיק,
האָט מען אירע פינגער מיט אַראָפּגעריסן — — —

די וועלט איז אָרעם, ווי אויסגעליידיקט זי איז —
אַ האָטענטאָט מיט גאָלד־ציין אַרומגעהאָנגען!
כ׳טראָג נאָך אויף מיין לייב צייכנס פון אירע ביסן — — —
ליידיק באָמבלט דאָס מעדאַליאָנדל אויף איר ברוסט
און אין מיין האַרץ — אויף קייטל רייסט זיך דאָס געוויסן.

## די באַלאַדע פון די פּאַטשערקעס

ביליקע דריי שנירלעך מיט פּאַטשערקעס,
פלינק אויף מאַרק געקויפטע אין קערמיס ביידל,
געלעגן זיינען זיך פאַרנעם און איידל,
אין צירונג קעסטעלע פון מיין מאַמען.

פון די דימאַנטן, ברילייאַנטן, רובינען, —
די גאָלד־געפּאַסטע געשליפענע פלאַמען! —
און פון גאַנצן צירונג צוזאַמען,
דאָס טייערסטע די שנירעלעך געווען.

— — — — — — — —

אַמאָל אין פאַראָרעמטן אונזער שטעטל
אַן אָרעמע כלה ס׳איז געווען;
אויף כלה מלבושים און מאָלצייט שפּעזן
איר גאַנץ צירונג פאַרמשכנט ס׳האָט מאַמע.

אין חתונה האַרמידער, צעטומלטן,
פאַרגעסן איבגאַנצן דערפון מסתמא,
און שוין, אין די לעצטע מינוטן סאַמע,
די דריי שנירלעך זיך קויפן געלאָפן.

און פון באַדעקנס ביז צום מצוה־טענצל,
און ביז געפירט מען האָט די כלה שלאָפן,
אַלץ מער די פּאַטשערקעס האָבן באַטראָפן — —
ס'האָבן געשאַצט אָרעמע און רייכע.

און די מאַמע מיט פאַרשנירטע ליפן,
צווישן די געסט געזעסן איז אַ בלייכע:
„צו מיינע קינדער כ'בין נישט אַ רוצחה?״ . . .
און געלויכטן מיט שמייכעלע צעליטן.

און ווען אויסגעלייזט ס'האָט מאַמע איר צירונג,
גוט נאָכגעקוקט צי ס'איז קיינס נישט פאַרביטן . .
און אין סאַמעט־אויסגעבעטן סאַמע מיטן,
געלייגט זי האָט די ביליקע פּאַטשערקעס.

## דאָס גאָלדענע שלאָס

מאַמעס קרבן־מנחה סידור נישט מייז, נישט מאָלן,
נישט דאָס זאַלץ פון די טרערן קענען אים צעפרעסן,
נישט פעלן ס'קאָן פון אים קיין איין איינציקער אות ;
נאָר ווי אַזוי די אותיות צוזאַמענשטעלן, זיי לעזן,
אַז אויסגעמישט זיי זיינען אין ווילדן כאָאָס.

הירשן־לעדערנע טעוועלעך, וואָס קענען שוין העלפן,
צי די עלפנביין טייבעלעך, קונציק געשניצטע,
און דער פיין געהעמערטער גין־גאָלדענער שלאָס,
אַז פאַרלאָשן ס'וועט ווערן דער דימענט געפינקל,
דאָס ליכטיק אויפשיינענדיקע פון אות נאָך אות.

ווי אַזוי אַרויסלייענען דאָס וואָס גייט קומען,
אַז די קוראַנט־קאַנטיקע ליכטיקע אותיות, —
טרערן־צעפּינקלטע פון תחינות און פון חצות ! —
אונזערע בליקן, פאַרטונקלטע, פאַרלאָשענע,
מיט ליכטיקייטן טוען נישט מער קיין פאַרגאָס.

מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּלעך די טייבעלעך,
בלייך און געלבלעך דער אויסגעבלוטיקטער עלפנביין,
גלייך אין די הערצלעך אַריין געטראָפן דער שאָס ;
און אַז אַרויספּליען עס וועלן די אותיות,
וואָס האָט שוין צו באַשיצן דער קונציקסטער שלאָס.

פוך־פעדערלעך פון אונטערגעשאָסענע פליגל
פון מאַמעס קרבן־מנחה סידור, פון די בלעטלעך,
אין אַלע פיר זייטן צעפלויגן אות נאָך אות — — —
זאָל עס דאָך כאָטש בלייבן אין מאַמעס שמוק־קעסטעלע,
דאָס גין־גאָלדן געהעמערטע קונציקע שלאָס.



C

## דער תנא
(אַ גמרא־באַלאַדע)

יעדן אָונט אַרויס איז זי אַנטקייגן
מקבל פּנים זיין איר מאַן, איר פרומען;
אַן אויסגעצירטע, מיט צירונג באַהאַנגען,
ווען פון דער אַרבעט אַהיים ר׳איז געקומען.

האָט ער זי אין די צעאַרבעטע אַרעמס,
ווי אַ הייליקייט גלייך, אַריינגענומען;
זיינע זון־פאַרברענטע ליפּן, אַ תפילה,
שטיל־שעפּטשעדיקע, וואַרקעדיק צעברומען:

„דורך יעדער פּרוי וואָס באַגעגנט אויף מיין וועג,
ווי וואָלטן מיינע געדאַנקען צעשווומען;
דעם גאַנצן טאָג אין מיין שוויס־צעטריפטן קאָפּ,
ווי אין אַ נעץ זיך צוזאַמענגענומען.

„אָ, ווי זיי צאַפּלען דאָס פּאַר מיינע אויגן!
ווי כוואַליעס אין מיינע אוירן דאָס זשומען!
פון דערוויטנס לויכטסט אויף, אַן אויסגעצירטע,
ב׳הייליקער שטילקייט טוט אַלצדינג פאַרשטומען — — ״

און זיין אַרעם אונטער אירן — אַ בלינדער,
איבער בריקל, איבער משופּעדיק קרומען,
זיינע געדאַנקען ווערן צוריק ליכטיק,
אין זייער שטיבל אַהיים, ווען זיי קומען.

דער כזית ברויט, איבער געגרייטן טיש —
אַ געלייגטער „ערב״ צווישן ווייטסטע תחומין!
רוט ער אויס אַזוי נאָך וואָכיקער אַרבעט,
מיט הייליקער ביז נאָך האַלבער נאַכט פאַרנומען.

איז די זון נישט געזעסן ביי זייער טיש,
אַריינגעקומען צו בענטשן במזומן ?
און פון פעלד דרויסן, אין שווייס היינט פאַרפלאַנצטע,
אויפגעגאַנגען אין שטוב זיינען די בלומען.

## סעפּטעמבער-בלומען

אַסטערס

זייערע פֿאַרבן נישט פֿון דער זון מער זיי זייגן —
פֿון געבראָכענע שטראַלן צעטריפֿטע אין רעגן;
און פֿונם געזאַנג פֿון די שוואַלבן זיי הערן,
נישט די פֿרייד פֿון אָנקומען — דעם ווײ פֿון געזעגן.

שטייען זיי גאַנצע טעג הכנעהדיק שטילע —
אײן לאַנגע בין־השמשות שעה ס'וואָלט זיך געצויגן!
נאָר אין אַלע פֿאַרבן צעשפּילט, שלאַנק און שטאָלץ,
אַ בין אָנגעפֿלויגן, זייער זאַפֿט צו זויגן — — — —

כריזאַנטעמעס

די ווייסע כריזאַנטעמעס, אָנגעזאַפּטע, שווערע,
באַפֿלאַטערט אַ זומער־פֿייגעלע מיט לעצטן פֿלי;
אויף אַן אָפּגעריסן בלעטל, געבלאָזן פֿון ווינט,
פֿאַלט עס ראַפּטים אַרויף, ווי אויף פֿלאַטערדיקע זי.

איז עס דער גערוך פֿונם טויט, וואָס איז אַזוי זיס?
ווי פֿריידיק, ווי לוסטיק ס'צאַפּלט אויף מיט לעצטן צוק!
די ווייסע כריזאַנטעמעס שטייען פֿאַרמאַטערט מיד,
ווי זיך נישט צו באַפֿרייען מער פֿון אַ שווערן דרוק.

דאַליעס

דעם טויט, וואָס זיי טראָגן אים שוין טיף אין זיך,
ווילן זיי איבערשרייען מיט די קאָלירן;
זייער גאַנצער דופֿט, אפּנים, פֿאַרנוצט זיך,
מען זאָל זייער טויט־גערוך בלויז נישט דערשפּירן.

ווי זשעדנע זיי שטייען, נעבעכדיק, בויכיק,
אַ לעצטן שטראַל פֿון זון נאָך אַרויסצוקריגן;
נישט זומער־פֿייגעלעך באַפֿלאַטערן זיי —
זלידנע איבערפֿאַלן שוין פֿון מחנות טויט־פֿליגן.

נעטיליעס
(פאַר דיין שוועסטער נעטי)

פון דראָטן די שטענגלעך וואָלטן געוועז,
און די בלעטלעך פון בלעך אויסגעשניטן;
זיי זשאַווערן אין זון און אין רעגן,
ס׳הערצל אינמיטן בלויז צו באַהיטן.

זיי שטייען נאָך אַזוי געפּאַנצערטע,
נישט נאָר ב׳רעגן — ווען שניי שוין ווועט שיטן!
אַ פאַרוואָגלטע פאַרבלאָנקעטע בין
דעם לעצטן טראָפּן האָניק אָנצובּיטן.

## סעפּטעמבער

דער אויסהויכנדיקער אָטעם, שווער אין דער לופט,
אין האַרץ זיך אַריינגעכאַפּט און ס'וויאַנעט ווי אַ בלאַט,
באַלד וועט זון אַראָפּפאַלן — אַ בלום פון שטענגל !
פאַרזינקט זי נישט שוין אינם טייכל דאָרט מאָנטנע־מאַט ?

אַזאַ סמוטנעקייט ליגט שווער אויף אַלע זאַכן,
מיין בליק איך האָב מורא אויפצוהויבן אינדערהייך :
שטייסט דו נישט איבער מיר, מיט אויגן באַהויכטע,
די ווערבע דאָ וואָס שטייט געבויגן שווער איבער טייך ?

שאָרכט עס אין געוויאַן, גייען טרעשטשעס אין דיין לייב ?
עס פלאַטערט אין מיר אַזוי שווידערדיק און קאַלט !
דיינע אָרעמס, סמוטנע אַראָפּגעלאָזענע,
רינצלען מיין פּנים מיט מרה־שחורהדיקן געפאַלד.

# סעפטעמבער-וואלקנדלעך . . .

I

גלייך ווי דו פונקט וועקסלט זיך דער הימל,
אַט לויטער ליכטיק און שוין פאַרכמאַרעט גרוי;
מיין האַרץ דיך טראַגנדיק, דיך וויגנדיק,
שווידערט דיר אַנטקעגן, צעציטערט אַזוי.

אין איין רגע, אינמיטן אויפלאַכן,
און ס׳פאַרציען דיינע ליפּן זיך קאַלט און בייז,
בלייבט מיין האַרץ שטיין, פאַרשטייפט און אָן אָטעם,
אַ פאַרשטילטער טייך גלייך, וואָס ליגט שוין אונטער אייז.

II

ס׳ביסעלע גרוי אַרום מיינע שלייפן —
אַ סעפּטעמבער וואָלקנדל בלויז, ס׳וועט באַלד אַוועק —
ס׳האָט דיין בליק פאַרכמאַרעט מיך אָנגעקוקט,
און איבער רגע כ׳בין געוואָרן גרוי פון שרעק.

קוק דאָך מיך אָן צוריק גוט און ליבלעך
און פון מיין פּנים פאַרווישט באַלד יעטווידער פאַלד —
אַ געריינצלטער פאַרכמורעטער טייך,
ווען אַ וואַרעמער שטראַל ליכטיק איבער אים פאַלט.

# א גאנצע נאכט דער רעגן פאר מיין פענסטער

I

אַ גאַנצע נאַכט דער רעגן פאַר מיין פענסטער —
כ'הער דיין אויפזיפצן און ס'וואַרפן זיך פון דיין בעט;
מיינע אויגן פול זיינען מיט פינסטערניש,
און מיין האַרץ ווי געלעגן ס'וואָלט אין „הינערפּלעט".

איז עס דער טויט שוין, איז עס די ליבע נאָך?
עפּעס צאַפּלט אין האַרץ אין גסיסה־פּאַרגיי!
יאָ, „אַזוי שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע",
אָבער דאָס לעבן, אפּנים, שטאַרקער פון זיי.

II

זאָל איך דיין וויי נישט קענען דערפילן,
אַז דיין ליבשאַפט אַזוי טיף איך האָב זי דערפילט?
נישט אין פינסטערניש — אין דיין טונקל געמיט,
אין אַ שטילע תפילה איך בין איינגעהילט:

זאָל דאָך מיין ליבשאַפט באַגלייטן דיין לעבן,
וואָרים וואָס איז עס אָן ליכטיקן פונק דערפון — —
אויף פאַררעגנטער נאַכט נאָך, אויף פינסטערסטער,
פאַלט דאָך דער שיין נאָך פון אויפגייענדיקער זון.

III

נישט אויף דיר און נישט אויפן לעבן צומאָל
וועט אין מיין האַרץ ווערן אַנגעברוגזט און בייז;
ס'ביסעלע ליכטיקייט מיר פאַרגינט געווען,
פאַלנדיקער שטערן גלייך פון הימל געקרייז.

דו, כ׳בין אַ שטערן געווען, כ׳האָב געלויכטן,
ביי מיין פאַלן נאָך געווונטשן ס׳האָט זיך אַ מענטש!
צום געטראָפּ אויף מיין פענסטער איך שעפּטשע צו:
פאַר אַלצדינג, וואָס געווען, זיי געליבט און געבענטשט.

IV

די טראָפּן איצטער, וואָס טריפן אַזוי טריב,
וועלן זיך געלויטערט זאַמלען אונטערן איז,
אַ לויפנדיקער טייך, אַ פינקלדיקער,
אויפלייכטן ווי נאָר זון וועט זיך טון אַ באַווייז.

יאָ, „אַזוי שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע״,
אָבער פון ביידע נאָך שטאַרקער דאָס לעבן איז!
דאָס באַטריבסטע האַרץ נאָך ווי ס׳ווערט געלייטערט — —
דו, מיר וועלן לעבן, מיר מוזן לעבן, ביז — —
— — — — — — — — — — —

## האלבע לבנה

ווער האָט זי אויפגעהאָנגען פאַר מיין פענסטער,
די יונגע לבנה נאָך אַזאַ רעגן־נאַכט ?
מיט אַ האַלב פנים האָט זי געקוקט אויף מיר,
און מיטן אַנדערן האַלבן מיך אויסגעלאַכט — —

עפּעס ווייסן זיי די וואָלקענעס אַ סוד,
וואָרים זיי ציען אַזוי סודותדיק און שטיל ;
אָבער צי קען איך דען עפּעס טון דערצו,
אַז אינגאַנצן זיך נישט מער באַווייזן זי וויל ?

האָב איך זי פינסטער אָפּגעוואַרט נאַכט פאַר נאַכט,
ביז אויף איינמאָל קלאָר פון וואָלקן זי איז אַרויס,
און מיט גאַנצן פנים פריידיק מיך אָנגעקוקט :
דו, כ'האָב זיך אַ טרער פון איין אויג אויסגעווישט בלויז.

# וואלקנס

.1

צו קענען לייענען פון די ליכטיקע שטערן,
אין טונקעלע ווערטער זיי צונויפשטעלן, איז נישט שווער,
אָבער פון פֿאַרפינסטערטן, פון שווערן וואָלקן,
וואָס הענגט איבער הימל, ווי צווישן וויעס אַ טרער ?

זיץ איך ביים פענסטער, נעם מיר די אויגן אַרויס,
דאָס שווער־לייענדיקע צו דערגיין און צו פֿאַרשטיין :
פון אַ קליין ביסעלע פרייד באַשטייט דאָס לעבן,
אָבער גאָר גרויס זיינען די ליידן און דאָס געוויין —

— — — — — — — — — — —

ווי גרויס ווי אומענדלעך ס׳ציען זיך כמאַרעס —
ווערטער צעצויגענע פֿאַרקלעקטע פון אַ טרער !
איז עס פון דרויסן פֿאַרן פינסטערן פענסטער,
אָדער איבער מיין טיש דאָ קאַפּעט עס אַן־אויפהער ?

# אסיען בלומען

מיט דעם לעצטן נאָך, דעם אומעטיקסטן,
אַ מענטשלעך האַרץ דערפרייען צו וועלן !
און ס'איז גאַנצע וועלט אַזאַ שטיל־לעבן,
כאָטש אויפן טיש זי אַוועקצושטעלן.

אַ פּאָר אָסיען־בלומען, פּייכט־פּאַרטרערטע,
און דאָס טרויעריקסטע שטיבל זיי באַלעבן ;
דאָס גראָ פאַרגליווערטע גלאַנצט גלוסטיק אויף,
אַ ניואַנסל בלויז ס'ווערט צוגעגעבן —

אין אַזאַ נאַכט האָט ווינצענט וואַן גאָך זיך
ווי אַ בלום אָפּגעשניטן זיין אויער,
און צו זיין געליבטער עס צוגעשיקט,
נישט גאַנץ אונטערגיין וועלט זאָל אין טרויער.

## מעג דער הימל ווי פארכמארעט זיין און גרוי

מעג דער הימל ווי פאַרכמאַרעט זיין און גרוי,
און פון פלייץ־רעגנס אַ צעווייקטע די ערד,
אַז דיין בליק נאָר מיינעם ליכטיק באַגעגנט,
ס׳ביסל בלוי אין מיין אויג אַ הימל באַלד ווערט.

דו, נישט אויבן איבער אונז דאָס איז הימל,
ווי נישט דאָס בלאָטיקע אונטער אונז איז ערד !
מיר ברויכן זיך דאָך נאָר אַרומצונעמען,
און די גאַנצע וועלט אויפאיינמאָל אויפהערט — —

טאָ וואָס מורא צו האָבן פאַרן לעבן,
אַז מענטש אין מענטשנס אָרעמס אַ גאָט גלייך ער ווערט ?
אַ וואָרט נאָר אַרויסצוריידן און ס׳געשעט — —
דו, צי קאָן נאָך גרעסערס מענטשן זיין באַשערט ?

## טריפטיך

### שנעקן . . .

מיט דעם שליים, פּייכט געלאָזן הינטער זיך,
ציען זיי גליטשיק זייער לעבנס־וועג ;
עס וואַקסן זייערע הייזלעך מיט זיי מיט,
צוזאַם מיט די שווייסיקע זומער טעג.

ווי זיי שטרעקן דאָס גיריק די אויגן,
און ציען זיי איין פון אַ מינדסטן שרעק !
דעם קאַלטן ווינטער איבערצולעבן,
פאַרשלעפּט יעדער ס׳הייזל אין טיפסטן דרעק.

ווי שליימיק, סלינעט איינס צום אַנדערן,
אַזוי רייסט שרעק איינס פון צווייטן אַוועק — —
איז זון נישט אויבן אויף הימל שוין אויך,
אַזאַ פּייכט צוגעקלעבט שליימיקער שנעק ?

### שפּינוועבעכץ

מיט וואַסער געשווינדיקייט און געשיקטקייט
זי פאַרוואַרפט דאָס אירע פעדעם פון בלאַט צו בלאַט,
און וויפיל דער רעגן רייסט זיי נישט איבער,
פרישע פעדעם צו פאַרוואַרפן זי ווערט נישט מאַט.

איר בויך אויפגעוויקלט קיילעכיקער קנויל,
און דער אומענדלעכער פאָדעם פון אים זיך ציט ;
שטריקנדיקע שפּיזלעך, בויגיקע דינע,
וואַרפן זיך די פיסלעך אירע, פלינק און געניט.

ווי הערלעך אויסגעאַרבעט דאָס בעץ־געוועב
און דאָס קונציקע שפּיגלדיקע פונקט אינדערמיט ;
דאָס לעצטע שמעטערלינגל, אַ פאַרכישופטס,
ווערט צוגעצויגן ווי פון וווּנדערלעכן צוויט.

## אויף דער אויסגעלאָשענער ציגל־וואַנט

אויף דער אויסגעלאָשענער ציגל־וואַנט
גלאַנצן קריכפלאַנצן מיטן בלאַסק פון רעגן,
אַ גאַנשעל געקראָכן דערגראַבלט זיך,
אייעלעך אונטער זיי אונטערצולעגן.

נישט קיין ראָיענדיק שלענגל אין בלאָטע —
אָזאַ יאָגנדיק פיסל ס׳איז אינגאַנצן!
און ווען ס׳דרייט זיך שוין אויף, ווערט עס גאַנץ אויג,
צו דערבליקן נאָך די גלאַנציקע פלאַנצן — — —

אַז די ערשטע זון נאָר וועט אויפשיינען,
וועלן פון די שפּאַלטן צווישן די ציגל,
לוסטיק אויפפליען פריידיק צעפלאָטערט,
זומער־פייגעלעך מיט ליכטיקע פליגל.

# אין ווינט און אין רעגן
(צווײ סאָנעטן)

I

עס גייט דער גערטנער מיט בעזעם איבער די וועגן,
און פאַרקערט די בלומען אין אַ הויפן מיט מיסט —
„איז זון גאַנצן זומער געווען באַר אומזיסט״,
אַז איצט פאַרפוילן מיר זאָלן אין ווינט און אין רעגן?

„ווען געבליט מיר האָבן, ווי פלעגט מען דאָס אונז פלעגן,
און אַצינד אַז דער וויסטער רעגן אונז פאַרגיסט — — ״
וויאַנענדיק שאָרכן די בלומען: „ווי דאָס פאַרדריסט!״
און בלייבן פאַרשוויגן אינמיטן זייער פרעגן.

בלייבט דער גערטנער אָנגעלענט אויפן בעזעם שטיין,
ווי איינגעהאָרכט ער וואָלט זיך צו אַ שטיל געוויין,
און ער ווערט פון אַזאַ אומעט אַרומגענומען —

„יאָ, אָט־אָ דאָס־אָ איז עס טאַקע אינגאַנצן:
איין זוימענדל קוים זאָל זיך קאָנען פאַרפלאַנצן,
מוזן אַזוי פיל בלומען וויאַנען און פאַרקומען״.

II

ברייטביניק־צעצווייגט, ווייט־צעשפרייט, יוסט צעשטרעקט
און פעסט,
דער רעגן טריפט פון אים ווי געזונטע שוויס־טראָפּן;
איבער זיין ברייטן אַקסל, אונטערן צוקאָפּן
פאַרקלעמט, פאַר קומענדיקן פרילינג טראָגט ער אַ נעסט —

און אַז אַצינד פון שטאַרבן און פון טויט און פון פּעסט,
ס'שרייען וואָגנעס אויף אים מיט קראַקן און מיט כראָפּן,
און מיט פינסטערע פליגל דעם קאָפּ אים פאַרקלאָפּן —
די קומענדיקע פייגל נעסט, ער נישט פאַרגעסט.

ברייטביינינק־צעצווייגט, ווייט־צעשפּרייט, פּעסט צעשטרעקט
און יוסט,
און מיט דער זעלבער פרייד און מיט דער זעלבער לוסט,
וואָס געטובלט ער האָט זיין קאָפּ אין שטראַלן און אין זון,

באָדט ער זיינע וואָרצלען איצט אין דער צעווייקטער ערד,
פון ווינט און פון רעגן די קאָרע שמיידיק ווערט —
אַ דעמב מען מוז שוין זיין צו פילן דעם תענוג דערפון.



D

# אקטאבער-וואלקנס

I

פון וואָלקן די אויפגייענדיקע זון,
זי קאָן זיך גישט אַרויסאַרבעטן מער ;
צי קאָן מען דען אויסווישן פון אַן אויג,
אַן איינגעהאַלטן, נישט געוויינטע טרער ?

קלענער עס ווערט, איינגעשרומפן קאַלט,
און זשמורעט ווי מיט אַ בייזלעכן בליק,
עס פאַרמאַכט זיך אויסגעלאָשן פינסטער,
און אַזאַ רויטס ווען ס'עפנט זיך צוריק —

אַ סאָווע אַ צעפלאָשעטע אין ווינט,
וואָס וואַכט פאַר חולה'ס פענסטער אין די נעכט,
און מיט אויסגעקיילעכטן רויטן אויג
בליצט זי צו : אוי, ס'איז פאַרביי שוין, ס'איז שלעכט.

II

אַן ארון מיט טויטן־טוך צוגעדעקט,
שלעפט זיך שטיל אַ וואָלקן אויסטערליש גרויס,
פון די איינגעשפּאַנטע פאַרהילטע פערד,
מ'זעט קוים די אויערן־שפּיצן אַרויס.

ס'נעמט גאָר קיין סוף און מען זעט נישט קיין עגד,
צו די אבלים מחנה אין באַגלייט ;
די זיך איבעריאָגנדיקע וואָלקנס,
איינע אין דער צווייטער אַריינגעדרייט.

אַ גלאַטע מטבע, אַ קופּערנע,
אַן אָפּגעריבענע פאַרבלאַקעט אַלט,
פאַלט זון אין אַ שוואַרצער כמאַרע אַריין —
אינם תציל־ממות פושקע שפּאַלט.

## לעצטע באבע-יאכנע פעדעם

ס'האָט באָבע יאַכנע אַראָפּגעוויקלט,
פּאַסמעס פעדעם פון די הענט פון אַ לץ,
אין די לאַנגע קאַלטע נעפּל־נעכט,
אויסגעשפּינען פון זיי אַ זיידן נעץ.

וואָלטן אירע אויגן גוטע געווען,
נישט געציטערט אירע ביניקע הענט,
אין די ווינטער־נעכט דאָס זיידענע נעץ,
פערטיק מאַכן זי וואָלט זיכער געקענט.

ציטערן אָבער די שטייפע פינגער,
די לעפּלעך פאַלן שלעפעריק אַראָפּ,
און דער דינינקער זיידענער פאָדעם,
יעדע רגע רק ער רייסט זיך נאָר אָפּ.

איז עס צו די אויגן פונם שפּיזל,
אָדער אירע וואָס פאַלן מיד שוין צו,
ס'ווינקט טונקל דער לץ פון ווינקל אַרויס:
באָבעניו, פלינקער אַ ביסל, אַ־נו — —

## אומרו . . .

אַזאַ געוואַלטיקע „אומרו“ די זון,
פון מזרח ביז מערב וואַרפט זיך איר באַוועג;
אין רגע בלויז פון אויפגיי ביז פאַרגיי,
גאָט׳ס איין מינוט — אונזערע געציילטע טעג!

אונזער ערד איינע פון אירע „וואַגעס“,
און וואָס איז אַלץ אָנגעהאָנגען אויף איר!
אין די אָנגעצויגענע וואָגע־קייט,
עס איז געבונדן אונזער יעטווידער ריר.

די גלגלים — די רעדלעך און שרייפלעך,
גייען נישט אויף „שטיינער“ — אויף דימענטן־בערג!
ס׳איז דער איינגעדרייטער רעגנבויגן,
די אָנגעצויגענע „פעדער“ פון געווערק.

איז ווער קאָן וויסן ווען ס׳שלאָגט די שעה,
און ווען אָפּשטעלן עס וועט זיך די אומרו,
מיר זעען בלויז ס׳וועלדל צווישן די ווייזערס,
ווו די קוקאָווקע שפרינגט אויף מיט איר „קו־קו“ — — —
— — — — — — — — — — — —

אַזאַ געוואַלטיקע „אומרו“ די זון,
און כסדר דער טיק־טאַק צו איר באַוועג — — —
איך האָב עס דערזען וואַנדלדיק מיט דיר,
אין אַזעלכע פאַרקירצטע סוף־זומער־טעג.

## נאוועמבער־ביימער

דאָס לעצטע גאָלדשטיקל איז אָפּגעטווישט שוין —
קופּער־מטבעות וואַלגערן זיך אַרום נאָך,
אַן קלאַנג, פֿאַרבלאָטיקט, קייקלען זיי זיך,
געפֿאַלן פֿון צעריסענעם קעשענע לאָך.

אין לאַכעס, אין צעשליסענע קאַפּאָטעס,
בעטלער אויף קוליעס שטייען די ביימער אַרום,
מיט אַ הילצערנער האַנט, אַן אויסגעשטרעקטער,
שטופּט זיך פֿאָראויס אַ הויקעוואַטער לאָם און קרום.

ס׳קנאַקן אויסגעטריקנטע אַלטע קנאָכן
און עס בלאָזט דער ווינט אויף צום לעצטן ווירבל־טאַנץ —
אַלע מיט אַמאָל צו דער ערד געשליידערט,
אַ צוגעוואָרפֿענע זשמעניע וואָלט אויפֿגעגלאַנצט.

## ווינטער בלומען

I

שוואַרץ בליקן די בייטן צום גרויען הימל אַרויף,
אונטערגעגראָבן אונטער זיי ס׳איז די לעצטע בלום.
צי בין איך נישט אויך שוין אונטער דער ערד פאַרשאַרט ?
קוקן פינסטער מיינע אויגן אין גרויען אַרום.

צוויי „פאַרגעס מיך נישט“ אין וואַזע צו שטעלן,
ווי לאַנג וועלן זיי אויסהאַלטן צו בלייבן פריש ?
עס פאַלט בלאַס מיין מידער בליק, בלוי־פאַרוויקלט,
אַ בלעטל פון וואַזע וואָס פאַלט שטיל אויפן טיש.

II

פון אָטעם מיינעם, אין מיין קאַלטן שטיבל,
עס וועלן בלומען צייטיקן אויף די שויבן,
מיט געפרוירענע פינגער כ׳וועל זיי רייסן,
די שענסטע דיר צו שיקן כ׳וועל פון זיי אויסגלויבן.

אָבער נישט מער אין אַ גלעזערנער וואַזע —
אין האַרץ אַריין וועסט די בלומען מוזן שטעלן !
און דאָס וואַסער פאַר זיי, פריש צו דערהאַלטן,
דיינע פליסנדיקע טרערן זיין דעמלט וועלן.

## דאָס ליכט

דאָס ליכט אויפֿן פּנים ס'ווערט אויסגעלאָשן,
ווי לאַנג דען קאָן אַווידערשיין נאָך לויכטן;
עס זעצט זיך די זון, אין טאָל זי גייט אונטער,
פֿינסטער מ'בלייבט צומאָל אויף שפּיץ, אויף דערהויכטן.

אָבער אין האַרצן, אַז מען טראָגט דאָס ליכט,
קיינמאָל נישט עס קאָן פֿאַרלאָשן שוין ווערן!
זיי לויכטן נאָך, איבער פּנים רינענדיק,
פֿון די אויגן די טריפֿנדיקע טרערן.

און אַז אויף אַש עס ווערט פֿאַרשרפֿהט דאָס האַרץ
טליִענדיקער פֿונק אונטער אַש בלייבט ליגן — —
אַ ציִענדיקער טאָן, אַ נאָגנדיקער,
געבליבן פֿון אַ פֿאַרגעסענעם ניגון —

— — — — — — — — —

אָ, ווי ליכטיק אויפֿשטראַלן ס'קאָן אַ פּנים,
מיט צעטאַנצטע שאָטנס פֿון טויזנט פֿאַלטן,
ווען לעצטער געטלי, אין שטילן אויסצאַנקן,
מיט פֿאַרקנייטשטן שטערן מ'קאָן עס פֿעסטהאַלטן.

## פריש געפאלענער שניי

1. שניי

דאָס קאַלטע ווידער־קול וואָס קומט פון דרויסן —
אין שניי מען וואָלט געגאַנגען איבער די קנעכל ;
מיט שווערע באַלעמס ס׳וואַרפן זיך ייִנגלעך צו
אַזאַ קלינגענדיק צעגלאַנצט זילבער־געפּעכל.

ווי מיט סודות זייַנען באַהאָנגען די ווענט,
פון די ווינקלען ווינקט אַ וואַרטנדיק אויפרעגן ;
אין מייַן שטיבל כ׳גיי אַרום אויף שפּיץ־פינגער —
ס׳וואָלט אונטער אַ פאַרהאַנג אַ יולדת געלעגן.

2. אַ קליינע באַלאַדע

שלייסט מען פעדערן פאַר אויסשטייער־קישנס,
צעצופּט מען דעם פוך פאַרן בעטגעוואַנט ?
אָדער איז עס שוין דער חתונה־שלייער,
וואָס שוועבט פאַר אירע בליקן נאָכאַנאַנד ?

עס פאַלן מידע צו אירע וויעס :
„. . . צומאָל נישט דאָס ווייסע טויטן־געוואַנט —"
— — — — — — — — — — —
עס איז פעכלדיקער־פאַלנדיקער שניי,
וואָס צערינט מוטנע אויף איר סמוטנער האַנט.

3. שנייעלעך . . .

פון הימלישע ביימער, פאַלנדיקע בליטן,
אויסגעלאָשענעם טאָג זילבעריק צעהעלן ;
אַזעלכע צעצווייַגטע מוזן די ביימער זייַן,
אַז מיט זייער ברייט די זון אונז זיי פאַרשטעלן.

אַ צעשטראַלטער שטערן ס׳איז יעדעס שנייעלע,
פייַן אייַנגעפאַסט אין דין־געהעמערטן זילבער,
אָבער ווי נאָר אויף מענטשלעכער האַנט געפאַלן,
אויף אָפענער פלאַך, אַ טרער דערפון ס׳בלייבט בלויז איבער.

## אין געדיכטן נעפּל . . .

נישט זון, נישט לבנה און נישט שטערן — —
פאַר אַלץ נאָך, פאַר בראשיתדיק ווערן — —
ערשטער אַטאָם אין אין־סופיקע ווייטן — —
פון בענקעניש נישט מער אויסצוהאַלטן,
זיך אַליין אין צווייען צו צעשפּאַלטן,
אויף צו באַהעפטן זיך — האָבן אַ צווייטן.

ס׳וווּנדערלעכע גאָרנישט אויפצוהערן — —
ערשטער אַטאָם געשפּאַלטן צו ווערן — —
פון אָנשטרענג בלויז, פונם גיין פון די קרעפטן,
אויפגעלויכטענע מיליאָנען וועלטן;
און ערשט פון דער פרייד, פונם פאַרגעלטן,
ווען צוריק די צוויי העלפטן זיך באַהעפטן —

נישט זון, נישט לבנה און נישט שטערן,
איין רגע און איך וועל אויך נישט ווערן,
אין ווייטן אין־סופיקן — נעפּל צערונען!
אין מיליאָנען שטויבעלעך צוצווייען!
ביז אַ באַהאָפטענער צוריק אין צווייען,
אויפלייכטן אַזוי אין טויזנט זונען.

# דריי לידער

## דער ערד־קײלעך

אַ גרויע פֿאַרפֿלאָנטערטע בוימוואָל קנויל,
נישט צו געפֿינען מער פֿון אים דעם עק,
אַרויסגעפֿאַלן פֿון אַ מידער האַנט,
אָדער גאַנץ אים שוין געוואָרפֿן אַוועק.

עס שפּילן די קעץ מיט אים קאַץ און מויז,
און שלײדערן אים אַהין און אַהער,
צײנער און גראַטשקעס פּליקן און רײסן,
און פֿאַרפֿלאָנטערט ער ווערט אַלץ מער און מער.

ביז אין ווינקל ער וועט ליגן בלײבן,
פֿון בײזער קאַץ אַ דערוואָרגענע מויז —
דער גרויער פֿאַרפֿלאָנטערטער ערד־קײלעך,
אַרויסגעפֿאַלן פֿון גאָטס האַנט אַרויס.

## אין שטילן געפּרעפּל

אַז עס לאָזט זיך אויס דער פּאָדים,
צו אַ צווייטן מ׳קאָן אים צוקניפּן,
אָבער צי קאָן מען ס׳פֿאַרשנירלטע —
צווישן צײן צעביסענע ליפּן ?

ס׳פֿאַרוויקלט זיך אַ דינער דרים,
מ׳דריוולט אים אויס ווײטער צו וועבן,
אָבער צי קאָן מען׳ס אויך טון,
מיט פֿאַרפֿלאָנטערט פֿאַרוויקלט לעבן ?

אַ קנויל, אַן אויסגעדריוולטער
די לויטערע זון אינם בעפּל !
מײנע ליפּן צעביסענע,
קניפּן זיך אין שטילן געפּרעפּל — —

. . . און באַקומען מיר נישט ליב איינער נ׳צווייטן,
מיר זאָלן האָבן וועמען צו פאַרפייניקן ?
און וואָס זיינען די קינדער, דאָס הייליקסטע,
פון אונזער זיך זיווגן און פאַראייניקן ?

ס׳זאָל גיין אַזוי אַ „דור הולך ודור בא״,
מיט שחיטות, רציחות, מיט מאָרדן און קוילן,
טוליען מיר זיך טליענדיק און געפלדיק,
גרוי־אויפגייענדיק און צעראָיעטע קנוילן — —

עס וויקלט זיך אַ רינגלדיקער קיילעך,
געראַנגל צווישן פאַרשוואַנגערן און טויטן —
אַ שלענגלדיקע שלאַנג, אַ צישנדיקע,
אַראָפּוואַרפנדיק אויפן וועג אירע הויטן — — —

## צוויי לידער

1

אַז ס׳איז דאָס וואָרט נאָר אַ ווידער־קול בלויז
פונם אויסגעהוילטן ליידיקן האַרץ,
און דער געדאַנק אַ פלינקער ווידער־שיין
פון פאַרגייענדיקס וואָס שאָטנט שוין שוואַרץ.

אַלצדינג וואָס לעבט ס׳איז נאָר אַ פאַרגלייך בלויז
און דער טויט — דער בלייכער שאָטן דערפון!
געהאַט איך האָב אַ ליכטיקן געדאַנק,
האָט ער געשיינט ווי אין הימל די זון.

וועט ער ווידער אויפגיין צוזאַם מיט איר,
צי ליגן בלייבן אַ מעטעאָר־שטיין?
דאָס פאַלנדיקע וואָרט — אַן עכאָ בלויז,
און דער געדאַנק — אַ פלינקער ווידערשיין.

2

פון בליענדיקע מאַנדל־ביימלעך דער צוויט,
דער טשוויטש פון יונגע שוועלבלעך אין ערשטן פלי
איז דאָס געפיל אויפפלאַטערנדיק אין האַרץ —
דער אויפשפּראָץ פון זון אין אַ פרילינג אינדערפרי!

מ׳קאָן אַריינזעצן אַ שוועלבל אין שטייגל,
אין אַ גלאָז־וואַסער אַ מאַנדל־צווייגל מיט צוויט,
אויפשפּראָץ פון זון אין אַ פרילינג אינדערפרי
מען קאָן עס אַריינזעצן — אַ רובין אין אַ ליד!

אָבער דאָס געפיל פון פלאַטערדיקן האַרץ?
מאַנדל־צווייגל, שוועלבל שוועבנדיק אינדערהייך,
צומאָל שפּראָץ פון אויפגייענדיקער זון,
צום אויפפליענדיקן געפיל קוים אַ פאַרגלייך —

## ארכידייען

(פאַר דיין קראַנקן־בעט)

1

. . . . אינמיטן שלאָף־געפּלאַפּל פּלוצלינג אויפגעוואַכט,
שטייט שטייף אויף נאַכט־טישל אַ שטילער פּאַפּאגיי,
צום קרעקנדיקן געפלוידער ס׳מויל אויפגעמאַכט,

שטעקן געבליבן דערשראָקן מיטן געקריי — —
אויפגעריסן ער האָט זי פונם שווערן שלאָף,
און דעם גאַנצן אַרום אָנגעגאָסן ווי מיט בליי.

זי שוידערט בלייך אויף, גלייך אַ געשווירענע שאָף:
האָט זי אַ נאָמען אינמיטן שלאָף אויסגערעדט,
און זיין געפּלאַפּל פון אַלץ וועט מאַכן אַ סוף?

אַן אויפהאָרכנדיק אויער פון אַ גאָט, פון אַ שד
שטופּט זיך האַלבע־לבנה פאַרן פענסטער פאַרביי:
עפּעס אויפצוכאַפּן פון פּלאַפּל פון אַ פּאָעט,

שוין אַ סך לייכטער פון הויך פון אַן אָרכידיי.

2

נישט צו גרויס ס׳איז דיין פוס פאַר גאָלדענעם שיכל —
אַ לידל נאָך אַ לידל, שוין אַ גאַנץ ביכל!
אָבער ווער פאַרשטייט דען דאָס אייגענע איכל?

און ווען דיינע ליפּן וואַרעם אויף מיין פּליכל,
גיט עס שאַרף אין האַרצן מיר אַזאַ קאָלט שטיכל — —
וואָרים ווער קאָן דען פאַרשטיין ס׳מענטלשעכע איכל?

ס׳איז דאָס גאָלדן־געפּאַסטע פּרינצעסן שיכל,
פאַרן קאַלטן ווינטער אַזאַ ווויל־שטיל פאַרקריכל,
ווען מיט איינגעצויגן פליגעלע „משיחל״

באַהיטן וויל זיך דאָס געפרוירענע איכל — — — —

3

נישט צומאָל ווי פון גאָלד־וואָקס געגאָסן —
אָן אויסגעשטשאַנצטע גאָר זי וואָלט געווען!
ווען דאָס שטענגל אירס וואָס אין וואַסער שטייט,
וואָלט זיך דורכן גלאָז נישט אַדורכזעצן —

אַזוי ווייך און בלייך, אַזוי געוויקסיק,
אַ װוּנדער בלויז ווי עס האַלט זיך אויף דעם!
דאָס קונציקע, דאָס אויסגעהעמערטע,
אויף צאַרטער קעניגן קאָפּ — אַ דיאַדעם.

עס איז נישט די שטייף־געהאַמערטע קרוין —
עס איז די וואָס טראָגט זי שטאָלץ אויף איר קאָפּ!
מיט איר וויאַן־צעגלאַנצטן גאַנצן װוּנדער,
וואַרפט אָרכידיי פון שטענגל זיך אַראָפּ —

אַזוי ווייך אַזוי בלייך, אַזוי שוואַכלעך
און ביז צו לעצטער מינוט זי האַלט אויס!
עס איז נישט דער דיאַדעם — די וואָס טראָגט זי,
מאַכט זי קעניגלעך, װוּנדערלעך און גרויס.

# ווייטשעפּל-אידיליע

1

טויזנטער קוימענדלעך אויף די דעכלעך אַרום,
אויפגעהאָנגענע וועש צעפּלאַטערטע אויף שטריק —
אַ פּלאַט מאַסטבוים־שיפלעך געבונדענע צום ברעג,
אָקאָרשט געקומענע פון אַ רויב־צוג צוריק.

יללה־צעהוליעטער פּיראַטן־געזאַנג,
הילכן שכורלעך, שענקען אין חשך אַריין;
בריקלעך, וואָס פירן צו די שיפן אַריבער,
וואַקלען די נאַסע געסלעך אין לאַמטערן־שיין.

2

אויף אַזאַ בריקל, אַ וואַקלדיקס און אַ נאַס׳,
ראַטעווען מיר זיך דאָ אין די פינסטערע נעכט
פון אָפּגעבראָכן ברעט צוגעשווומען צום ברעג,
פאַרפּלאָנטערט אין כוואַליעס און אין פּלאַנצן געפלעכט.

ווי עס קרעכצט דאָס בריקל, ווי עס וואַקלט און שלאָכצט,
איינצוברעכן שוין אונטער אונזער יעדן טראָט — —
כ׳בין אַ פּיראַט, אַ צעהוליעט־יללהטער,
און ס׳ברעכט געזאַנג אַרויס פון מיר, אויף גאָט׳ס באַראָט.

3

שטויבעלעך צוצעפּליען אין זון און אין ווינט,
מיטגענומען צו ווערן פון כוואַליעס אין ים,
ווען נישט אויפגייענדיק פּלאַנצעלע דאָ און דאָרט,
וואָס האַלט ביים ברעג די זאַמד־שטויבעלעך צוזאַם.

וואַסער טראָפּן צעשפּריצטע אַרום שטייפן פעלדז,
צו בלייבן בלויז פון זיי, קוים אַ ביסעלע שוים,

ווען נישט יענע, וואָס פאַלן אין אָפענעם שפּאַלט,
צו גרייכן מיט זייער געטריף ביז צום תהום.

4

ווי איינפאַך דער טויט איז דאָ און ערשט די ליבע,
אַז אַזויפיל שטאַרבנדיקע יעטווידן טאָג — —
זע, מיר גייען אים אַנטקייגן מיט שריט נאָך שריט,
ווו ליבע ציטערט בלאָס אויף צעשפּיגלטן ראָג.

קוקט פון דיינע אויגן, הימיש, שטאָטיש — דער טויט,
אָדער ס'איז די ליבע, וואָס ברעכט זי אין מיין בליק?
וואָלטן מיר זיך געקענט אָננעמען ביי די הענט,
זיך פירנדיק, אָנקומען אין שטעטל צוריק.

5

מיט צעפּלאָטערטע טירן אין חושך אַריין
בלענד־צעפראַלטע שטאָט, זשומענדיקער ווייט און ברייט —
אַן אָטאָמאָט אַריינגעוואָרפן אַ ניקל,
אַ ראַדיאָ קעסטל אויף גאַנצער נאַכט אויפגעדרייט.

בין איך נישט אַ פּאַרבלאָנדזשעטער מאַטראָז אַזאַ,
אין ביליקער ביר־שענק ווייט הינטער דער שטאָט,
און דו אַ צעוואָרעמטע אין מיינע אָרעמס — —
ווי עס וויינט יללהדיק אין מיר אויף גאָטס באַראָט.

6

די טויזנט קוימענדלעך אויף די דעכלעך אַרום —
אַזאַ קרעמאַטאָריומל יעדעס הייזל דאָ!
ווי פולע מיט רויך די צענעפּלטע הימלען —
גאָרנדיק־צעשפּיגלטער־אַש־פאַרשטויבטער־גראָ — —

אַזש צומאָל נישט אַ היפּעלע אַש אַפילו
איבערבלייבן ס'וועט דאָך דאָ פון אונזער געביין!
יללהדיק צעהוליעט, מיין פּיראַטן ליד,
וועסט אונז ביידע כאַטש באַגלייטן ביז נ'טויט אַריין?

7

ס׳זיינען בלויז נאָר דיינע אויגן דאָס וואָס כ׳דערקען,
אַלץ איבעריקע אַזוי פאַרפרעמדט מיר און ווייט;
זיי קוקן מיך אָן, עס צוקן פּייכט די וויעס,
און מיין האַרץ, אַן אייז קריע אין זון, וואָס צעגייט.

ס׳זיינען בלויז נאָך דיינע אויגן דאָס וואָס כ׳דערקען,
שוואַרצע אַזעלכע און פול מיט פונקען־געשפּריץ,
און מיינע, איבערלאָפּענע, צוקן פּייכט צו:
גאָט דערבאַרמדיקער, באַהיט אונז און באַשיץ.

8

פאַרלאָשענעם שטאָט־געפלאָסטער פון געסל דאָ,
אָנצינדן מיט ריטם־געוואַקל פון מיינע שריט,
דעם הוילן הילך פון קייבל־געוויקל,
אָנפילן מיט אויפרייסנדיקן דינאַמיט.

עלעהיי, ס׳לויפט אַן אָפּגעריסן פערד פאַרביי,
און ס׳פליען פונקען פון אונטער זיין ווילדן לויף — —
נאָך לויכטן שבת־ליכטלעך פון פענסטער אַרויס,
און ס׳געסל דאָ דערמאָנט אין אַ היימישן הויף.

9

טויזנטער קוימענדלעך אויף די דעכלעך אַרום,
ציט עס דורך איינעם, פון אונזער שטיבל דער רויך?
פונם שטריק פון די פלאַטערדיקע וועש אין ווינט,
ווינקט פאָכעדיק, באַקאַנט ווינדעלע פון דער הויך?

אַז ס׳זיינען דיינע אויגן שוואַרץ־פינקלדיק נאָך,
איז דאָך אַלץ איבעריקע נישט וויכטיק שוין מער!
אויב אין אונזער שטעטל מיר קאָנען נישט צוריק,
אפשר וועלן מיר׳ס ברענגען צו אונז דאָ אַהער — —



E

10

מאַמעס שעפּטשענדיקע ליפּן בלויז כ׳האָב געזען,
ווען שבת־קודש־ליכט אָנגעצונדן זי האָט,
כ׳האָב געקוקט אויף זיי, אויף זייער שטילן ציטער,
און נאָך איצט כ׳פאַרשטיי, ווי מענטש קאָן רעדן מיט גאָט.

איז עס די מאַמע געווען, אָדער ווייל אַ קינד,
אַן אָרעם שטיבל און פול מיט ליכטיקן סוד?
כ׳זע אים אין דיינע אויגן, האָסט אים געלערנט,
ווי מיט מענטשלעכע ליפּן צו רעדן מיט גאָט —

11

פינסטערע הויפלעך, חושכדיק פאַרלאָשענע,
שפּיגלען זיך אַ גאַנצע וואָך אינם שבת־חן,
יעדעס געסל אַ באַלויכטן בריקל אַזאַ,
משיח׳ן דעראויף פריידיק אַנטקייגן צו גיין.

אַן אייגענער הימל וועבט זיך איבער געסל,
מיט „קדושה״, מיט „ברכו״ און מיט „אמן״,
מיט געזאַנג פון פריידיקער ניי־מאַשין, באַגלייט
מיט „די דריי נייטאָרינס״, מיט „זונדעלע גאָר פיין״ — —

12

דאָס ליכטיקע שמייכעלע פון טאַטנס אויגן,
וואָס האָט זיך פאַרלוירן אין זיין געדיכטער באָרד, —
ווי הדרת־פּנימדיק צעשטראַלט ס׳האָט זיין לעבן! —
כ׳וועל׳ס געפינען ווען כ׳וועל ווערן אַלט און באַיאָרט.

אין טאַטנס ספרים עס ליגט דאָך שטיל באַהאַלטן,
מיט זיין, יעדער דאָרט אַריינגעלעגט, גרויע האָר;
ווי מיט וואָרצל־הערלעך אין צעאַקערטער ערד,
צו זאַפּטיקן און צו צייטיקן פון דור צו דור —
— — — — — — — — —

13

אויף טויזנטער רעדער עס יאָגט ווילד די שטאָט אָן
און מיר נאָך ווילדער אויף רעדל פון נײַ־מאַשין — —
אַנטלויפן מיר פון וועמען, צו ראַטעווען זיך,
אָנצוקומען וואָס גיכער ערגעץ וואָהין ?

מיר שטופּן זיך דורך לעכעלע פון נעדעלע דינס,
אָבער דאָס דרים־קניפּעלע קיינער נישט פאַרציט !
עס שטעכט שוין אויס, געשפּיצטע גראַמאַפאָן־נאָדל,
פון וויכער־צעזשומט רעדעלע, לעצט היימיש ליד —
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —

14

רייסן שטורעם־ווינטן די שטריק פון די ברעגעס
און די מאַסטן, די געשטרעקטע ברעכן זיך אײַן ?
די זעגל־טיכער — צעריסענע לאַמטערן,
מיט וועלכע מיר פלעגן אַהיים פון חדר גיין ?

פון אַלע זייטן אַ ווילדע ס׳יאָגט די שטאָט אָן —
אַ צעפּיפּענע שקצים־מחנה אומגעריכט — —
„גאָט פון אברהם פון יצחק און פון יעקב״,
אַז ליידיק דער חלל אַליין ס׳גייט אויס דאָס ליכט — — — — —

15

און ווען חלילה לויפן מיר וועלן פון דאָ,
ווי אַ שטעטל פון דער היים נעמען מיר דיך מיט,
ווי פון פּוילן, ווי פון ליטע, ווייטשעפּל דו —
כ׳שפּיר עס פריידיק אינם ריטם פון מיינע שריט !

ווי פון שייטער־הויפן נישט פאַרלאָשענעם פונק,
אַ שבת ליכטל פון דאָ, פון אַ שטוב אַרויס,
מיט אונזערע הוילע הענט עס צו דערטראָגן,
עס אַהיימצוברענגען נאָך איידער עס גייט אויס.

## נאך האב איך אויף פּנים די זון פון ישראל

1

צוזאַם מיט די שוואַלבן כ׳בין אָנגעקומען,
וועל איך צוזאַם מיט זיי צוריק אַהינפליען ?
נאָך האָב איך אויף פּנים די זון פון ישראל,
אויף מיין שריט די זוימען פון די בערג פון ציון.

אָבער אַ זון, אַ גליאיקע, צעשטראַלטע,
ווי לאַנג קאָן מען זי האַלטן אין פּנים־פאַלטן ?
און קנעכלעך, בלאַנקענדיקע, וואַקלדיקע,
בערג־זוימען דערטראָגן וועלן זיי אויסהאַלטן ?

און געוויגט, גלייך אויף אַ צווייג כ׳וואָלט געזעסן —
די גאַנצע וועלט קאַפּויער ווי אין טייך־שפּיגל ! —
מיין אויסגעהוילטער קאָפּ פול און צעזונגען
און מיינע קנעכל ווי באַפליגלט מיט פליגל.

2

אין שלאַנקע דיינע זאַפטיקע צוויי אָרעמס, —
אין פוכיקן צוויט אויפגעגאַנגענע צווייגן,
אַ נעסט כ׳וועל מיין קאָפּ אין זיי אַריינהענגען,
פול פישטשעדיקן, שטיל־ טוליענדיקן שווייגן.

ווי ר׳וועט זיך דאָס פלאַטערדיק וויגן מיין קאָפּ,
ווי פון לינדן פרילינג־ווינטל פריש באַוויגן ;
און וואַרעם אַזוי אַדורכגענומען זיין —
פונם געשטראַל וואָס גיסט זיך פון דיינע אויגן.

שטייסט דו נישט צוקאָפּנס, פּוכיק צעקנאָספּעט?
דיינע שלאַנקע פינגער כ׳פיל דאָך אויף מיין שטערן!
אַזוי זוניק, אַזוי זאַנפט, אַזוי זאַפטיק —
די פישטשעדיקע די מאַמע טוט דערנערן.

3

פון די אויסגעפאַלענע האָר פון מיין קאָפּ,
פאַר וויפיל פיצעלעך געבויט שוין די נעסטלעך;
אַ פעסטס מיט דיינע פינגער וועסט אויסקנעטן,
פון מיינע האָר־פּאַטלעס געבליבענע רעשטלעך.

און ווען פריש־ פוכיקע, יונג־באַפליגלטע,
ווייט אַוועק זיי וועלן זינגענדיק צעפליען,
אין דיינע אָרעמס מיין באַפליגלטער קאָפּ,
זיך וויגנדיק, דיין דופט אָטעמדיק איינציען.

נישט די רעגנס זיינען׳ס און נישט די ווינטן,
ווען פון אַלצדינג וואָס בליט ווערט פוילונג און וויאַגען,
די סמוטנעקייט עס איז, די גרויע שטילקייט,
וואָס לעצטער שוואַלב ווייט אַוועק שוועבט אָפּ פון דאַנען.

4

נאָך האָב איך אויף פּנים די זון פון ישראל,
באַהאַלט זי דאָך אין שפּיצן פון דיינע פינגער,
גלעטנדיק מיין שטערן, אים דערוואַרעמען —
ווי שווידערדיק צו זיין לעצטער גלות־זינגער!

נאָך האָב איך אויף פּנים די זון פון ישראל,
באַהאַלט זי דאָך פאַרשוויגן אויף דיינע ליפּן,
מיינע סמוטנע אויגן מיט זיי צו שטילן,
ווען מיט בענקשאַפט מיין האַרץ וועט זיך צעכליפּן.

נאָך האָב איך אויף מיין פּנים די זון פון ישראל,
נאָר יעדער קנייטש אַזוי האַרט שוין און צעליטן,
אַ פּולס אַזאַ מיט געזאַנגען און מיט געוויין —
אַ נעסט אין רעגן עס וועט זיך נאָך צעשיטן!

5

„אויפן וועג שטייט אַ בוים,
שטייט ער איינגעבויגן".

ביי די טייכן פון בבל, אויף די ווערבעס,
אונזערע פידלען מיר האָבן אויפגעהאנגען;
אויף צווייגן געפלעכט, פּוכיק־צעקנאָספּעט,
אין דיינע אָרעמס מיין קאָפּ פול מיט געזאַנגען.

אַז שוואַלבן זאָלן פליען אַהין אַהער,
מוזן דאָך נעסטן הענגען צווישן די צווייגן,
די שוועלבלעך אויסצובריען און צו קאָרמען,
און פרישע אייעלעך האָבן ווו צו לייגן.

און ווען פון צעשאָטענע נעסטער אַרויס,
לעצטע שוואַלבן־חתונה אַרויספליען,
וועסט דו זיין פאַר שוועלבעלע, פאַר שוואַכינקן,
אויפן וועג יענער בוים, וואָס שטייט איינגעבויגן.

## אין מיין שטיבל

1

אונטער גלאָז אויסגעזייעטע זריעה,
אַז וואָס שנעלער די פלענצלעך זאָלן אַרויס,
פונקט אַזוי זעט פלוצלינג אין מיין שטיבל
די זון־צעשפיגלטע טאַפּעטן־וואַנט אויס.

זי עפנט זיך, זי שפּאַלט זיך, זי צעפראַלט זיך,
אין שאַטנדיקן געפעכל פון פאַרהאַנג
ס׳וואָלט זיך עפּעס לעבעדיקס צעראַיעט,
אַזוי זעט אויס מיין שטיבל אין זון אויפגאַנג.

און ריטשט נישט ווער די קוואַדראַט־פענסטער,
די פלענצלעך צו באַשיצן פון מינדסטן בלאָז — —
מיין צעוואָרעמט בעט, אַ זון אַ צעשטראַלטס,
אַזאַ זריעה־בייט וואָס שטייט אונטער גלאָז.

2

פון צווישן די קוימענדלעך הינטן,
פונעם רויכיקן געצווייג דאָרט ווייט,
אונטערן גריניטש־באַרג באַהאַלטן,
איבערן וואַסער אויף יענער זייט ;

אויפן באַרג דאָרט, אויפן פליכיקן,
פון איינגעגראָבענעם קאָפּ אַ טרער,
אַ גליאיקע, געפאַלן מיר איז,
און געזונקען טיף אַזוי און שווער.

גייט זי אַצינד אויף פאַר מיין פענסטער,
גליאיק אַזוי און געוואַלטיק גרויס —
אַ מילגרוים, טרערן־זוימענדלעך פול,
אויפגעגאַנגען פון איין זאָמען בלויז.

3

אינם זוימענדל עס איז דער גאַנצער בוים שוין,
און וויפיל זוימענדלעך עס טראָגט איין בוים אויס — —
פון טויזנט שטורם־ווינטן ווערן געטריבן,
און שטיינבלייבן אַזוי אין דער גאַנצער גרויס!

פאַר געשליפענער האַק, פאַר געוואַלטיקן בליץ,
און פאַרן וואָרים וואָס טאָטשעט אינם האָלץ — —
אָבער פון איין זוימנדל, אָנגענומען,
ווי גייט עס אויף אַזוי וווּנדערלעך שטאָלץ.

„אַ בוים אין פעלד עס איז דער מענטש", אַן איינזאַמער,
אין אייגענעם שאָטן בלויז שוץ ער געפינט — —
ביז איין זוימענדל אין דער ערד זיך פאַרוואָרצלט,
וויפיל מיליאָנען עס צעפלאָשעט דער ווינט.

# דער מאגנאליע-בוים אין וויקטאריע פארק

זיין פֿאַרפלאָנטערט געוואַלטיק געצווייג
טראָגנדיק אויף זיין שלאַנקן צאַרטן שטאַם,
אַ הויערנדיקער הערש אויף די קני געפאַלן,
וואָס ברעכט אינמיטן זיין לויף צוזאַם.

און ווען זיינע קנאָספן ברעכן אויף,
בלייבן די ביימער אַרום פאַרבליפטע שטיין:
ווי געוואַלטיק, ווי וווּנדערלעך, ווי תאוהדיק!
און זייער געצוויט זיי האַלטן איין —

אין זיין ווילדער פרייד, זיין גלוסטעניש,
פליגל האָט ער באַקומען אין מיטן נאַכט,
באַלד אַוועקפליען ר׳וועט, פון ווו געקומען,
כאָטש זיך אָנזעטיקן מיט זיין פראַכט — — —

## דער דעמב

אויפגעשפּראָצט שוין שטייט ליכטיק דער גינסטער,
דער קאַשטנבוים קנאָספּעט און צעצווייגט,
נאָר שוואַרצלעך און שטייף שטייט נאָך אַלץ דער דעמב,
גלייך אַ מרה־שחורהניק וואָס שווייגט.

גרין אויסגעשפּרייט ליגט די ערד אים צופיס,
פריש צעוויקלט מיט בלום און מיט צוויט —
אַ טיפער טעפּיך, שטיל צו פאַרשלונגען
זיינע מעלאַנכאָליש שווערע שריט.

אַרום אים די גרינע סאָסנעס אין דער זון,
קנאַקן זיך די יונגע ביינער אויס,
אָדער קנאַלן זיי מיט די פינגער,
צו רייסן פון טרויער אים אַרויס ?

עס שפּיגלט זיך די ווערבע אין וואַסער,
קעמט קאָקעטיש לעקלעך אין די האָר,
אָקייגנאיבער איר אָבער דער דעמב,
שטייט פּונקט ווי נישט אים מיינט מען עס גאָר.

אין שוואַרצער צעגלאַנצטער געקרויזטער באָרד —
אין זיין געצווייג, שפּילט דער זון־פאַרגאַנג !
ער אָבער וואַרט אויף יענעם פויגל אַלץ
דערפרייען זיין האַרץ ס'זאָל זיין געזאַנג —

אַ גאַנצן ווינטער באַהיטן דאָס נעסט
און אַצינד עס פייפט דער ווינט דערין — — — —
שטייט ער, דער דעמב, אַ מרה־שחורהניק,
ווי גאַנץ שוין אַראָפּצוגיין פון זין.

## בליענדיקע פלוימען ביימער

און אויב דאָס איז מיין לעצטער פרילינג שוין,
נאָך פריידיקער וויל איך אים דערזען;
מיט מיינע אָרעמס אים אַרומנעמען,
ווי דיך, וואָס ביזט אפשר מיין לעצטע געווען.

און ווען טרויעריק ס'וועט קוקן די זון,
צעשטראַלן איך וועל זי מיט מיין בליק,
און ווי דו פונקט, צענפּאַכיק און צעגליט,
אירע שטראַלן שיקן מיר זי וועט צוריק.

ווי פלאַמיק ס'בליען די פלוימען ביימלעך — —
וועל איך די צייטיקע פלוימען זען?
אויף די ליפּן כ'פיל נאָך דיינע אויגן,
צייטיק־פריש און ז'וואָלטן אין טוי געווען.

יאָ, אויב דאָס איז מיין לעצטער פרילינג שוין,
געמאָסטן וועלן זיין מיינע שריט,
שטיל צו דערשפירן דאָס האַרץ פון דער ערד,
וו האַרטסטע קער ברעכט אויף, ווי אויף צווייג דער צוויט.

# דאס ביימל אין מיין הייפל

אין ווינקל פונם הייפל, באַהאַלטן און פאַרשעמט,
שטייט אַ ביימעלע, אַ בלייכס, פאַרבאָרגן און בלאַס,
דערשראָקן זעט עס אויס, פון ערגעץ־ווו אַנטלאָפן,
זי צו באַהאַלטן דאָ פון יאָגנדיקער גאַס.

טיף ביי זיינע וואָרצל־הערלעך פרעסט עס דער וואָרעם!
און ווען אויף אַ ווייל צווישן זיין געצווייג די זון,
נאָך קלענער עס ווערט, נאָך איינגעקאָרטשעטער און בלייך:
ווו פאַרשטעקט כ׳בין, האָט זיך נישט ווער דערוווּסט דערפון?

## מיין ליד (סאָנעט)

אַז פאַר װעמען איך שרייב נאָך אַצינד דאָ מיין ליד,
אַז װער ברויך עס דען און װער האָט עס דען נאָך נויטיק,
אַ חוץ אפשר צו זיך אַליין ריידן פון װייטיק,
אַזאַ געפּלאַפּל ביז די ליפּן װעלן װערן מיד.

אָבער װייסט דען דער בוים פאַר װעם און צו װאָס ער בליט,
און צו װעלכן צװעק זיינע פּירות װערן צייטיק?
אַז פון מענטשלעכן װאָרט, פּניותדיק און צװיידייטיק,
זינגענדיק סתם אַזוי אַ געזאַנג זיך נאָך פאַרציט — —

פון אַ שװעבנדיקן פויגל אין העכסטע הייכן,
גאָרנישט שוין צו װעלן, קיין ציל מער צו דערגרייכן,
ס'אייגענע קול אין דער ליידיקייט נאָך הערן — —

אָ, נישט קיין זיפצן איז עס און נישט קיין געװיין,
בלויז פון אַזאַ געװאַלטיקער פרייד שוין אַליין,
ס'קאָנען זיך שטעלן אין די אויגן די טרערן.

# אפגעהאקטע ווערטער

אַז אויף ציטער פון מיינע ליפּן זעסט נישט די ווערטער,
און צווישן די שורות פון מיין שטערן דו קענסט נישט לייענען,
איז וואָס קען שוין העלפן, אַז מיינע צעקוועטשטע אויגן,
ווי צוויי אומבאַהאַלפענע קינדער וועלן זיך צעוויינען?

נישט מיט דיין פולן לייב אַזאַ טרויער דו קענסט שטילן,
און נישט אויסקושן מען קען מיט ליפּן אַזוי פיל טרערן — —
אפשר אין מיינע שריט, וואַקלדיקע, דערווייטערטע,
דעם עכאָ פון די אָפּגעהאַקטע ווערטער וועסט דערהערן.

# דער אדלער

ס'וואָלט דער אָדלער נישט געווען דער קעניג פון די פייגל,
וואָלט נישט געווען שאַרפער פון זיינע נעגל זיין בליק;
דער פאַנג שפּירט דעם בלאַנק־צעבליצטן בליק טיפער
אין דער ברוסט,
ווי די גראַטשעס אַריינגעשטאָכן אים אין גע־ניק.

אַז וואָס איז שוין דאָס נישטיקע ביסעלע לעבן
און די געוואָלטיקסטע ענויים אינם פאַרגלייך:
איין רגע אַזוי אויפגעהויבן פון נידריקסטער טיף,
פון אָדלער־פליגל געטראָגן צו דער העכסטער הייך —

ס'וואָלט דער אָדלער נישט געווען דער קעניג פון די פייגל,
ווען נישט פלינקער פון אַ פייל זיין אַראָפּ און צריק!
וואָרים גרעסער ס'איז דער גענוס פון זיין קונציק געקרייז,
ווי די יסורים פונם קרבן בשעתן פאַרציק.

# קליינע זומער-לידלעך

### 1. נישט אין הימל די זון

נישט אין הימל די זון מאַכט ליכטיק דעם טאָג —
עס איז אין האַרץ די פרייד וואָס גייט אויף!
און עס בויט זיך אין דער ברוסט אַ פויגל־נעסט,
פון וווּ ס׳פלאַטערט צום הימל אַרויף.

שוועבנדיקע רעדער, געקרייז און געזאַנג,
פול איז גאַנצע וועלט מיט ליכטיקער זון,
און דאָס האַרץ — ליידיק, צעפּיקט איי־שאָלעכל,
וואָס לעצטער פויגל געפלויגן דערפון.

### 2. און איז נישט די זון צו איר דאָ אַראָפּ

און איז נישט די זון צו איר דען אַראָפּ,
אין דער פלאַמיק אויפגעגאַנגענער פלאַנץ?
און פון זוימען־הערלעך איינגעזויגן,
די צעברעקעלטסטע ערד צוריק ווערט גאַנץ.

צערייסן אויף שטיקער אייגענעם לייב,
און אין איין גוף באַהעפטן אים צוריק —
מיט זריעה צייטיקער אויפגעגאַנגען,
אַן אויפגעבראָכענער אַקער שטיק.

### 3. אַז נישט אָפענע ערד

אַז נישט אָפענע ערד עס ווערט דער גוף,
נאָר ווי אַ בוים וואָס איז אין צוויט אויפגעגאַנגען,
טראָגן אין זיך טויט און גיפטיקן סם,
זיינע צייטיקע פּירות מיט די הענט צו דערלאַנגען.

אַז נישט אַ שטיק אַקער־פעלד עס ווערט דער לייב,
מיט צעצאַפּלטן לעבן פריש אויפצוברעכן,
טראָגט אויס דאָס האַרץ אַ שטיין, מעסערס דערויף צו שלייפן,
איינע אין אַנדערן אַריין צו שטעכן.

4. אין דער טיף פון דער ערד

אויב ס'איז די פרייד אַזאַ סנאָפּ פון פונקען,
אַ ווילד צעשפריצטער אין אַלע זייטן,
איז לייד אַ געבונדענער ווייצן־סנאָפּ,
וואָס פאַרגאַרטלט איינעם מיטן צווייטן —

ווינטשויפלדיק צעפליען די פלעווס,
און ס'ליידיקע שטרוי גייט אויף אין פלאַמען,
נאָר אין דער טיף פון דער ערד פאַרוואָרצלט,
האַלטן זיך די זוים־קערנער צוזאַמען.



F

## ג׳עצייטיקט . . .
(פיר סאָנעטן)

.1

עס איז מענטש פאַר מענטש אַזאַ שלייף־שטיין,
אויסצושאַרפן זיך אַ קאָסע בלאַנק,
און ביז עס פאַלט נישט די לעצטע זאַנג,
עס הערט נישט אויף די קאָסע צו גיין —

איבערן שלייף־שטיין ס׳געטריף — געוויין!
און וואָס איז דען לויטערסטער געזאַנג?
צום ציטער פונם קאָסע געקלאַנג,
דער רציחה־ ב׳נצחון־רעפריין — —

אין מיינע אויגן אַ בייזער בליק —
אויף שלייף־שטיין אַ שטומפיק אייזן שטיק,
אַ קאָסע זיך אויסשלייפן איך שפיר — — —
— — — — — — — — —

איז וואָס קאָן איין מענטש פאַר צווייטן שוין זיין,
און וואָס איז ער ערשט, ווען ר׳איז איינער אַליין,
פאַרוואָרפענער שטיין אָן יעדן באַריר — —

.2

ווי עס פינקלט דאָס אַ טראָפּעלע טוי,
ווי פריידיק פול און ווי פאַרשייט,
אויף זאַנג געבוקט, צו שניט שוין גרייט,
צו ווערן באַלד אויסגעדראָשענע שטרוי.

אָ, אַז עס איז תמיד דאָס ווייב, די פרוי,
וועלכע האַלט דעם טויט פאַר דיר גרייט;
אויף אַ וויַיל, אויף אַ קורצער צייט,
ס׳לעבן דיר פאַרלענגערנדיק אַזוי.

אַז תמיד יענער עפּל־העלפט,
וועלכער דערקוויקט און וועלכער העלפט,
דאָס פאַרחלשטע האַרץ צו דערכאַפּן.

טראָגט ער אין זיך אויך שוין דעם טויט,
און יענע האַנט וואָס דערפרישט, גויט
דעם גיפטיקן טראָפּן מיט איינצוזאַפּן.

3

דו, מיר זיינען צוויי, מיר זיינען ביידע,
צומאָל מיר זאָלן ווערן איינס און צוזאַם,
פון איין שטיקל ערד איין וואָרצלדיקער שטאַם,
טאַטע־מאַמע פון איין קינד, באָבע־זיידע — —

פירט פאָטער אייגן קינד נישט צו דער עקידה?
יעדער מיט זיין ברויזנדיקן כוח־הדם,
צוויי באַזונדערע טייכן, וואָס שטראָמען צוזאַם!
אָ מיר זיינען צוויי, מיר זיינען ביידע.

אַז דער טייך, וואָס גייט פון גן־עדן אַרויס,
אַ צעטיילטער שוין אין פיר טייכן איז,
אין וויפיל טייכן ערשט צעריסן זיין מוז,

דער טייך וואָס רייסט זיך מיט גיהנום געברויז?
אַ חוץ איין שטילער טייך ס׳קאָן אפשר ווערן,
דער צער פון צוויי מענטשן צעפלאָסן אין טרערן.

4

... און ווייטער איך וועל זוכן דעם בוים פון לעבן:
ווי שרעקלעך זיין אויסזען — ער וועט מיר נישט פאַרמיאוסן,
ווי ביטער זיינע פרוכטן — איך וועל זיי געניסן,
די שווערסטע נסיונות — נישט אונטערצוגעבן.

ווי נאַריש, ווי הבל־הבלים׳דיק — כ׳לעבן! —
עס מוז דאָס זיין אַזאַ מין ווײ־חכמדיק וויסן:
איין ביס אין אַ זויערן עפּל אַריינגעביסן,
און דאָס גאַנצע ביסל לעבן שוין אויפגעגעבן.

און אויב אַזאַ מין בוים נישטאָ איז אינגאַנצן,
כ׳וועל אים מיט מיינע אייגענע הענט פאַרפלאַנצן,
און מיט מיין שוויס און בלוט זיינע פּירות זאַפטיקן.

און אויב אונטער דער האַק, די ערד אויפצוברעכן,
די פרוכט פון מיין לייב לעצטן אָטעם אויסדעכן,
מוז דער טויט פירן צום לעבן, צום וואָרהאַפטיקן.

# אין צייט פון שניט
## אין בועז־מאַטיוו

(3 סאָנעטן)

1

גאַנץ בית־לחם איז איין צעזונגען שניטער־ליד,
שוואַלבן וואָס גליטשן פון הימל צו דער ערד אַראָפּ,
זיינען צעקלינגענע קאָסעס אין פלינקן גאַלאָפּ,
פון געזאַנג פון די שניטערס די זון צעגליט;

איר היץ אָפּצוקילן איבער קילן טייך זי קניט.
און אין די נעכט אויף סטויג הינטער יעדן סנאָפּ!
דער עכאָ נאָך פון געזאַנג ס׳געשנאָרך און געכראָפּ,
פון שניטער און שניטערין אָוועקגעפאַלן מיד.

ווער אָבער צום אַלטן בועז אין שייער אַריין,
נאָך שווער פאַרמאַטערטן שניט טאָג קומען וועט צו גיין?
וואַרפט ער זיך אַ געבונדענער סנאָפּ אַ גאַנצע נאַכט!

נאָר פון עפּעס חלום, אַ הימלישן, אַ זיסן,
ווערן זיינע אויגן מיט זון־אויפגאַנג אויפגעריסן,
און מיט געזאַנג אויף זיינע ליפּן בועז דערוואַכט.

2

אַלט איז שוין בועז, אַן אויסגעמוטשעטער גרייז,
פון אונטערן יאָך אַפּויער אַן אָקס קרום און געבויגן,
ווען ער וואַנדלט שווער צווישן סנאָפּעס־סטויגן,
שיטן זיך זאַנגען־זוימען פאַר זיין יעדן שפּרייז.

איבער זיין קאָפּ פלאַקערדיקע זון גליאיק הייס,
לעצטן טראָפּן בלויז פון גוף אַרויסצוזויגן,
נאָר ווען ער הויבט צו די פעלדער זיינע אויגן,
איז ער נישט אַליין אַזאַ תבואה־סטויג, ווער ווייס —

איז ער נישט אויף די פעלדער דאָ אויפגעגאַנגען,
אַ פולע זאַנג אַזאַ צווישן שווערע זאַנגען?
און אין דער לעצטער מינוט נאָך ביי זיך פאַרגיי,

עס וועט די ערד זיך ווי נאָך אַ פרישן רעגן,
לייכט און גרינג זיך אויפברעכן פאַר זיינעטוועגן,
פאַר אויסגעזוכטן זוימען פאַר סוף זומער פאַרזיי.

3

ווי די אַראָפּגעפאַלענע מאָגערע זאַנגען,
מיינע לעצטע טעג איידער זיי זיינען פאַרשוווּנדן,
צונויפגעקליבן האָסט זיי און אין אַ בינטל געבונדן;
אַן אַלטן וואָס גייט צום קבר ביזט נאָכגעגאַנגען!

אַ צייכן אין הימל האָט גאָט דעם שערפּ אויפגעהאָנגען,
אַ פולן מיט פּגימות, אַן אויסגעקרומטן, האַלב־רונדן,
און ס'בלוטיקט די לבנה אין אירע מולד־ווונדן,
פון די בלוטיקע הענט וואָס נאָך אים דערלאַנגען?

זע, ווי שאַרף געשליפן, ווי געדינט און געשפיצט,
אַן מינדסטע פּגימה צעגלאַנצט און צעבליצט,
איבער אונזער שייער ער הענגט אַצינד — — —

ווער עס וועט אים אַראָפּנעמען, וואָסער אונטערשיד?
אַז נישט דאָס לעבן — די ליבע געמאַכט האָט מיך מיד,
און וואָס כ'האָב געזייט וועט נישט שניידן דער ווינט.

# טוליפּן פאַר זון פאַרגיי

מיט דרשה־געשאַנק בעכערלעך אין הבדלה־פּלאַם
שטייען די טוליפּן מיט זייער זילבער־געגלאַנץ;
אין סאַמעט און אין זיידנס די שלאַנקע גלאַדיאָלן,
פאַרבייגן זיך מיט עלעגאַנץ צום ערשטן טאַנץ.

איז עס דער טאַנץ־שוויץ־גערוך, איז עס פּאַרפיומען־דופט
פאַרדרייט זיך דער קאָפּ פונם בלויען היאַצינט?
אָדער ס'איז דער ריח־שאַרפער פאַרשיכורטער יאַסמין,
שקיעהדיק צעמיש, צעחושט, וואָס שוימט און צערינט?

גאַנצער אַרום מיט שמעקנדיקע נעלקען באַשטעקט,
אין פריזור — די דאַמע, דער קאַוואַליר אין לאַק!
באַלד וועט ווער אונטערלייגן הינטער פוס פון חתן
ס'חופּה גלעזל, ס'זאָל טון מיט מזל אַ צעפּלאַק.

הויך אויפצוהויבן שטייען גרייט שוין די פּאָקאַלן,
פול אָנגעגאָסן מיט פינקלדיקן געטראַנק,
נאָר די כלה פאַר באַזעצן ס'האַרץ צו צענעמען,
אַ וויינענדיקס פון אַ בוים אַראָפּ גיסט זיך געזאַנג.

# מיענטע רומיאנעק און לאוועגדל
((שקיעה־ליד)

ס׳פלעכטן זיך ריחות און קאָלירן,
געפעלעך ציען זיך ווייט ערגעץ־ווו,
ס׳איז די זון ס׳זעקעלע רומיאַנעק,
וואָס די באָבע לייגט צום שטערן מיר צו.

איז עס דען נישט איר שטערנטיכל,
די מיגניעדיקע פאַרבן פאַר מיין בליק ?
מיענטע, רומיאַנעק און לאַוועגדל — —
אַרום מיין קאָפּ זשומעט אַ בייזע מיק — — — — — — — — — —
— — — — — — — — —

שמעלצן צוקאָפּנס שוין די וואַקסענע ליכט ?
רייבט מען די שלייפן איין מיט לאַוועגדל ?
שטיל שעפּטשענדיקע תפילה־ליפּן :
אברהם נחום בן פריידל געגענדל — — —

פלינק לויפט די באָבע פאַרזעצן ווו,
דאָס פערל באַזעצטע שטערן־בענדל,
און ס׳פאַלט די זון ווי אין פושקע אַריין,
פאַר „ר׳ מאיר בעל נס״ אַ גאָלדן רענדל.

## „זאלן בלומען רעדן"
פון אַ שילדל אין אַ בלומען־געשעפט
(אַן אַפּאַריזמען־קראַנץ)

### 1. רויזן
בליען די רויזן אַזוי וווּנדערלעך שיין,
זייערע דערנער צו פאַרדעקן מיט זייערע פאַרבן?
אָדער זיינען די דערנער דערפאַר פאַראַן,
מען זאָל זייער שיינקייט נישט אַזוי לייכט קענען פאַרדאַרבן?

אַזוי צי אַזוי, הערלעך עס בלייבט די רויז,
אַפילו פאַר דעם וואָס צעשטעכט זיך אין איר זיינע פינגער!
וואָרים נישט דער, וואָס איר וווּנדערלעכקייט באַזינגט,
דער, וואָס די דערנער באַוווּנדערט, איז פון רויזן דער זינגער.

### 2 ליליען
איז עס אַ וווּנדער, אַז שטעכיקע בין
אַן אָנגעזאַפּטע מיט זיסיקייטן ווערט,
ווען אויף גרונד, אויף טיפן פון דער ליליע,
תמיד צו טויכן זיך ס'איז איר באַשערט.

און אין ברענענדיקער זון די ליליע,
אַ וווּנדער אַז נאָך בלייבער ס'ווערט איר ווייס:
לעצטע זיסקייט רק פון איר געזויגן,
און אַוועק נאָך מיט אַ ברומיק געבייז.

1

### 3. קארן-בלומען
דערפאַר בליט צווישן די זאַנגען די מאָן־בלום
אַזוי בלוטיק רויט,
ווייל איינער דעם צווייטן אַוועקקוילן קאָן
פאַר שטיקעלע ברויט?

אָדער זיינען עס די פּוסטע ווערטער,
אויף אויער פּאַרטרויט,
פון די פאַרליבטע פּאָרלעך אין קאָרן —
שטייט זי אַזוי רויט?

2

מיט אַזעלכע בליקן בלוי איבערלאָפּן,
צו בלייבן שטיין אַזוי אין בלוטיקן מיטן,
ווען אַרום גייט דער טויט מיט שאַרפער קאָסע,
און אַלצדינג וואָס אין וועג אים שטייט ווערט פאַרשניטן;

אַזעלכע מיט שאַרפער קאָסע צו שניידן?
עס האָט דער טויט צומאָל אַ שטיקל געוויסן!
דערפאַר נאָך איידער דער קאָרן געשניטן,
ווערן זיי שוין פון פאַרליבטע אָפּגעריסן . . .

### 4. בליענדיקע קראַפּיווע

רויט געשמירטע ליפּלעך, פאַרשנירלטע,
נישט בלויז זיי שווייגן — זיי זיינען פאַרביסן!
און אַז זייריידן שוין אַ וואָרט אַרויס —
אַ שטיק פון האַרצן ווען מיטגעריסן!

פון אויבן אַראָפּ, בייזלעך און בריאיק,
גליוּוער־פייערלעך פון די אויגן גליען;
ריר זיי נאָר אָן, זיינען זיי קאַפּאַבל,
מיט הייסן אָקרעפּ איינעם אָפּצובריען.

### 5. צייטיקע קלעטן

ערגעץ־ווו בלייבט אַ קלעט שוין קלעבן,
וואָרים קיין קליידלעך פעלן נישט אויף דער וועלט!
און איז דען ווער שוין אויף אונזער ערד,
קלעבן געבליבן ביי דער, וואָס אים געפעלט?

און ווער זאָגט אַז די קלעט איז שולדיק,
באמת איז עס קאַפּויער און אומגעדרייט:

וואָרים נישט אדם און נישט חוה —
שולדיג איז ס׳אויפגעגייטע פייגנבלאַט־קלייד!

### 6. די בלאָז־בלום

ברויך דאָך נאָר צו קומען בלויז דאָס מינדסטע ווינטל
און עס ווערט צעבלאָזן אויף אַלע פיר זייטן,
אַזאַ זייפן־בלעזל ווי ס׳איז, דאַנקבאַר דעם ווינט זיין מוז,
וואָרים ווער ווייסט אַזאַ פאַרפלאָנצן אויף בייטן.

אַז פון קיינעם נישט פאַרזייט און ס׳וואַקסט אומעטום,
ווערט דאָך אַזוינס קיינער דער געליבטער נישט שיקן — —
פוף! צעבלאָזן עס צווייי אומעטיקע ליפּן,
אין זיין צעפלי זייער גורל צו דערבליקן.

### 7. צו אַ פיר־בלעטערדיק קלאָווערל

נידריקער אַ סך ווי דאָס גראָז איז זיין וווקס,
צומאָל נישט אַ קבר מיט אים צו פאַרפלאַנצן,
עס איז זיין גורל פון מעלה־גירה־לעפצן
אַ שפייז אויפגעפרעסן צו ווערן אינגאַנצן . . .

אַן איינגעפרעסטס אָבער אין בוך, ס׳בליט אויף,
מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם מיטן אין לעזן:
אין זיין פיר־בלעטערדיקן, צאַרט געאָדערטן,
איז מענטשלעכער גורל טיף אַמאָל געוועזן — — —

### 8. דיגיטאַליס

נישט בחינם טראָגט זי היילונג פאַר קראַנקע הערצער,
און באַרואיקונג פאַר געמיט ווען מען זי דערזעט,
ווי אַ פאַגאָדע פונקט, שטייט זי צווישן די בלימלעך,
און ווי מיט גלעקלעך באַהאָנגען, וואָס רופן צום געבעט.

פון די געפינגערטע, אומגעקערטע כוסעלעך,
מ׳זעט ממש ווי ס׳גיסט זיך אַרויס פון זיי די מעדיצין,
אַזוי יענע בלום, וואָס טראָגט גיפטיקן סם אין זיך.
קאָן מען אויך דערקענען, מסתמא, אין איר גיפטישן גרין . . .

## 9. די ווילד־ארכיד

מיט די שרייענדיקסטע קאָלירן לאָקט זי עס צו,
באַטויבנדיקער גערוך שלעפערט איין ווי שלאָפגעטראַנק,
עפּעס ווי אַ גלאַטיק לאַפּקעלע, אַ סאַמעטנס,
שטרעקט זי אויס אַזוינס, דערמיט אַריינצוכאַפּן דעם פאַנג.

און ווען גלאַנציק קאַקעטיש זי עפנט זיך פריש אויף
ווי אומשולדיק לאַשטשענדיק — ווי ס׳וואָלט גאָרנישט
נישט געשען:
אין דעם הייפל זון־שטויב, וואָס שיט זיך דערפון אַרויס,
ווער דערקענט דען אַז אַ שמעטערלינג גאָר דאָס איז געווען...

## 10. גראָז בלימעלעך

1

אויף אַ בוים אין פרילינג טעג צו בליען,
געטראָגן צו ווערן פון אַ פעסטן צווייג —
אין אייער־שאָל, אַ פרישינק עופהלע,
קנאָספּעט אַזאַ פוכיק פישטשעדיק געשווייג.

אָבער אַזוי אין הייסער יולי־זון,
אויף ווייטן אויף ברייטן אומענדלעכן פליין,
פון קיין צווייג געטראָגן, קיין בלאַט געשיצט,
אַ פיטשעדיק קליין בלימעלע גאַנץ אַליין — —

2

ניין, נישט ווייל ס׳איז מיד מאַכט עס אויגעלעך צו,
און ס׳קעפּעלע אַראָפּ לאָזט טיף צו דער ערד — —
אַז די זון איז אַוועק, ס׳טונקלט אַזוי טריב,
גאַנץ אַראָפּגעפאַלן ביי זיך מען ווערט.

אין הימל די זון און ליכטיק דער אַרום,
איז ווי קלייניק מען איז — אַליין מ׳איז אַ זון!
אַלצדינג פאַרלעשט און גאָר נישט מער ס׳איז דאָ,
אפשר אין שלאָף וועט מען טרוימען דערפון — — —

*    *    *

אַז יעדן באַוועג דיינעם כ׳פאַרשטיי שוין,
און דעם מינדסטן מיגניע פון דיין אויג — —
האָב איך נישט נאָכגעשפּירט דיין יעדן ריר,
אַ ניוכנדיקער הונט נאָך זיין צוויג?

נאָכלויפן איצט דיר מיט ווילדן געביל?
כ׳בין שוין אַן ציינער אַן אַלטער הונט — —
פאַרוואונדיקט פון אַ געוואָרפענעם שטיין,
בלייבט ער ליגן און לעקט שטיל זיין וואונד.

## דריי לידער

### 1. כ׳האב היי־יאר דעם קוקו נישט זינגען געהערט

אַ פויגל וואָס קאָן קיין נעסט זיך נישט בויען
מוז פליען פון בוים צו בוים: קו־קו, קו־קו?!
כ׳האָב היי־יאָר דעם קוקו נישט זינגען געהערט,
און מיינע פליגל געלאָזן ערגעץ־ווו — — —

אַ פויגל וואָס קאָן נישט אַוועק פאַרן הארבסט,
ווערט אין ווינטער דאָ אַ קראַקעדיקע קראָ;
דער וואָס וויל אַ צער אויסזינגען שטיל אין זיך,
דער שטאַרבט פאַר דער צייט, איידער ער ווערט גראָ.

### 2. א שוועלבל ברויך בלויז א פליגעלע ברעכן

אַ שוועלבל ברויך בלויז אַ פליגעלע ברעכן,
און עס ווערט באַלד אַ פויזנדיקע מויז;
עס מוז בלויז אַ קאַץ פאַרביי גראָד לויפן,
און מיט שוועלבעלע פאַרביי איז און אויס.

אין דער לופטן פון רויב־פויגל געפאַנגען,
אינמיטן פלי זיך זינגענדיק זיין ליד,
צי קריכנדיק פון אַ קאַץ אויפגעפרעסן,
עס איז שוין דעם שוועלבל אַן אונטערשיד.

### 3. האט ווער געהערט דאס ליד פונם אדלער

האָט ווער געהערט דאָס ליד פונם אָדלער,
ווען ער לייגט זיך צום שטאַרבן אַנידער?
איך הער עס אַצינד, פלאַטערדיק אַזוי —
ס׳גייט שוידער איבער מיינע גלידער — —

עס איז נאָך קיין אָדלער נישט געשטאָרבן,
ווען זינגען נאָך ער קאָן זיינע לידער!
פאַרשוויגן איז דער אָדלער, ווי דער פעלדז,
ווו ער לייגט זיך צום שטאַרבן אַנידער.

11־טער יולי 1951.

# די „האלידעי"-לידער . . .
## אויפן ברעג

1

אַז איך וואָס זאָל איך מיך אָנהאַלטן איצט,
כ׳בין שוין ביים ברעג צערינענדיקער שוים ?
און דאָס לעבן — אָפּפליסנדיקער ים,
יואָס מען דערזעט עס פון דערווייטן שוין קוים.

און אַז דיינע הענט שטרעקן זיך צו מיר
איז עס ווי פון אַ נימפע פון ים אַרויס :
אַזאַ פאַרגייענדיק בלעזלדיק געריוש,
וואָס ס׳בלייבט דערפון אַזאַ שוימען שוין בלויז.

2

איז דען נישט דער ים דער זעלבער ווי געווען
מיט זיין געברויז, געריוש און געוואַלטיקן פאַרנעם,
איך נאָר, אפּנים נישט מער דער זעלבער בין —
אַ גולם פון אונטער דער צונג געריסן דעם שם !

און עס וועט מסתמא, נאָך שרעקלעכער זיין,
ווען וואַקלדיק אַזוי צו דיר קומען כ׳וועל צוגיין :
אַז מיט זיין געוואַלטיקן געברויז דעם ים
אַנטלויפט אַ פרעמדער אַזוי, ווי ווערסט דו עס ערשט זיין.

3

אַז צו אַלצדינג ס׳מוז דאָך נעמען אַ סוף,
אַפילו צום לעבן און מסתמא אויך צום טויט !
פריער אָדער שפּעטער עס נעמט דאָך אַן ענד,
צו די הענט און צו דעם וואָס זיי האָבן אויפגעבויט.

ביים ברעג, אין זאַמד, אויפצובויען שלעסער,
אפשר מיט אַ קינד איך וואָלט עס פאַרשפּילן געקענט — — — —
ווי פרעמד, ווי שרעקלעך דערווייטערט פון מיר
מיינע אייגענע אומבאַהאָלפענע צוויי הענט.

## און אז כ׳וועל דעם ים באזינגען אצינד

און אַז כ׳וועל דעם ים באַזינגען אַצינד,
עס וועט דאָך נאָר אַ חניפהלע זיין, נישט קיין ליד;
נישט אים צו באַוווּנדערן איך בין געקומען,
נאָר ווייל פאַרמאַטערט כ׳בין, קראַנק און מיד.

נישט קיין געפּלאַפּל כ׳פאַרנעם, ווען ער רעדט צו זיך,
און נישט זיין צאָרן ווען צעכעסט ער ווערט;
אַ קראַנקער, צעבראָכענער, אַן אומבאַהאָלפענער,
דעם צווייטנס געמיט פאַרנעמט ער דען און דערהערט?

און דער ים יאָק דער ים, מ׳קאָן אַוועקגיין פון אים!
ווי געוואַלטיק ער זאָל נישט זיין איז אַ ברעג צו אים דאָ,
און צומאָל ווען ס׳איבערגייט שוין גרימיק זיין כעס,
צו זיינע טיפענישן ער ציט זיך צוריק — צום דנאָ!

אָבער ווען כ׳וועל קומען צו דיר שוואַך און געבראָכן,
און נישט פאַרנעמען קענען דיין געפּלאַפּל כ׳וועל מער,
איז וווּ אַנטלויפן און ווו זיך צוריקציען?
איז ברעג דאָ צי אַ דנאָ אין אַן איינגעהאַלטענע טרער?

## דעמלט ווען כ׳האב געזונגען מיין ליד צום ים

אַ ים־אָקס מיט פריסקנדיקע נאָזדרעס,
געשלינגע פונם פּיסק, געשוים פונם קאַרק,
אויף די הערנער גענומען כ׳האָב די זון,
געשפּריזט מיט איר איבער טאָל איבער באַרג.

דעמלט, ווען כ'האָב געזונגען מיין ליד צום ים,
אינמיטן שטורם געבליבן איז ער שטיל:
אין וויג אַ זיך רייסנדיק פאַרפּיעשטשעט קינד,
אַ לידל מען זאָל אים צוזינגען עס וויל —

עס האָט געפּלעטשערט ווילד מיט די פּיסלעך
און געריסן זיך צו ווערן שיעור דיל — — — —
אָבער איצט, אַז איך ליג שוואַך און פאַרמאַטערט,
אַ קראַנק נעבעכל וואָס שטאַרק ווערן וויל.

ער איז נישט, דער ים, קיין פאַרזעסענע מויד,
אַז מען זאָל איר אַ וויינענדיקס בדחנען צום גראַם!
איך גראָב מיין פּנים אין זאַמד, אַן אָקס אין זשלויב,
באַלעקנדיק זיך מיט זאַלציקן טעם — —

## ווי נעבעכדיק, ווי שוואַך

(סאָנעט)

קיין ריר אין מיר, קיין באַוועג, קיין קלאַנג,
צו דעם וואָס אין מיר אַצינד — קיין פאַרגלייך!
אַ חוץ די מעווע וואָס קרייזט אין דער הייך,
פון ים אַרויסצוכאַפּן איר פאַנג — — —

און אויב דאָס וועט דויערן נאָך לאַנג,
און אַנדערש אין מיר נישט ווערן ס'וועט גלייך,
נישט לבנה־פּנים, איינגעפאַלן בלייך,
מיט פאַרברענטן בליק פון בענקען קראַנק —

מיינס וועט שווימען אויסגעלאָשן בלאָס!
דאָס אויפגעריסענע מויל, נישט פון כעס —
אַ שוואַן, ס'לעצטע ליד זיינס אויסגעזונגען —

— — — — — — — — —

ווי נעבעכדיק ווי שוואַך אַזאַ פּאָעט,
לעצטע כוחות פּרוּוון וויל ביים סאָנעט,
צי סטייעט נאָך צי ס'וועט נאָך געלינגען?

## „קאמיקס״ . . .

(נאָך דער אָפּעראַציע)

אַז איינער מיט צושנייד מעסער צוגעשניטן,
אַ צווייטער אין דער גיך צונויפגענייט;
אַ שטיקל אַרבייט אויף לויפנדיקן באַנד,
וואָס פון האַנט צו האַנט איילִיק איבערגייט.

און איידער וואָס, איידער ווען אַ פּרעס אַ שפּריץ,
און שוין ציען די „פּעלוי הענד״ די שטעך!
אַ ווייל קוים מען הענגט נאָך אויף דראָטענעם געשטעל,
ביז צוריק מען כאַפּט דעם איבערגעריסענעם דעך.

און שוין פון שטאַנג אַראָפּ אַ טאַנדייט אַנצוג,
פאַרשניטן אַ ביסל אינם קראַק און ענג!
איין פּלייצע אויפגעהויבן, ס׳ציט אין דער הויך,
ביי איין נאָגוויצע פּעלט אין דער לענג —

זיץ איך דאָ אַ מאַניקין אין שויפענסטער,
נישט דאָס האַרץ מער כ׳שפּיר און נישט דעם קאָפּ.
און אַ ציטעניש אין בויך ביי יעדן שריט — —
אָט צעקנעפּלט ער זיך און פאַלט אַראָפּ!

האָט ווער געוואָרפן אַ שטיין אין שויפענסטער
טרעפנדיק מיר סאַמע אין בויך אַריין?
אַ צעשפּליטערטער אויף פּיצלעך ליגט דער ים — — —
— — — — — — — — —
נייז, כ׳בין קיין מאַנעקין נישט אַז כ׳שפּיר דעם שטיין.

## „קאנוואלעסענט האום״

1

אַז נישט מיט שערפן, מיט קאָסעס און מיט גראַביעס,
אַז נישט די בינדערינס מיט שניט־געזאַנגען,
נישט דראַבינעס אין צעהירזשעטע פערד געשפּאַנט,
די בינטלעך אויף זיי אַרויפצודערלאַנגען,

אַז נישט קיין שייער, אַ צעהילכטער פון מלויצעס —
אַ קאָמביין און געשניטן און געדראָשן!
שפּירט זיך פון פעלדער ברענענדיקער פּעטראָליום,
און די זון איבער קאָפּ ווערט אויסגעלאָשן.

די מעלה־גירה בהמות אויף די לאָנקעס
שטייען סמוטנע, ווי אין שטאָט די פאַבריק־מענטשן,
און אָן אַ ברכה איז דאָס שטיקעלע ברויט,
נישט מען קושט׳ס, נישט מען טוט דעריבער בענטשן.

2

האָלציק אויסגעטרוקנט און פּראָכנע ווערעמדיק,
איבערגעשמירטע אַלטע מעבל־שטיקער,
ס׳פּענזלט די זון ווי מיט פּאָקוסט די פנימער,
די צוגעליימטע פיס וואַקלען ווי שכור.

די האָבן באַקומען מיט האַמער איבער קאָפּ,
יענע שטעכט פאַרזשאַווערטער טשוואָק אין רוקן,
מיר גייען נישט, שפּאַצירן נישט — מיר שלעפּן זיך,
אַלטע מעבל וואָס מ׳האַלט אין איין איבעררוקן.

אַ בעדנער אין פּאַס דרייט זיך יענער דאָרט אַרום,
ס׳פּעלט׳ן אַ קלעפּקע און קאָנ׳ס נישט באַגרייפן!
און עפּעס ביי איינעם רינט פון אַלע זייטן,
גלייך געפּלאַצט ס׳וואָלט אַרום אַ פּאַס די רייפן.

3

קאַטשקעס פון אַ שטייג צום טייך אַרויסגעלאָזן,
וויל דאָס קוואַטש קוואַטש אויף אַ רגע נישט אויפהערן,
דער קאָטשער פּאָראויס — טאַקע יענער בעל־דבּרן!
נאָר ס׳זאָל זיך כאָטש איינע צו אים צוהערן.

ר׳איז אַ גרוש, קריגט ער מורא פאַר גרושות,
צווישן די יונגע אלמנה׳דלעך אָבער . . .
און יענעם אַפּעטיט האָט ער, ווי אַ קאַטשער,
וואָס מען שטאָפּט אים מיט סאַמע בעסטן האָבער.

אַן אויסגעפּאַשעטן אויף יום טוב צום קוילן
גרייט מען מיך דאָ ווידער צום סעציר־מעסער;
אָבער איין קלייניקייט: כ׳וויל דערווייל כאָטש דערזען,
ווי גאָטס גייסט שוועבט הויך איבערן געוועסער.

## די זעגל שיף

צוויי געליבטע אויף אַ זעגל־שיפל
זיי שווימען דעם זון אויפגיי אַנטקייגן?
אָדער אַ פאַרלאָזענער, באַטריבטער,
מיט זיך אַליין צו זיין און צו שווייגן?

שטיל איז דער ים און נאָך שטילער דער ווינט,
דאָך ס׳שיפל באַוועגט זיך און אַלץ שנעלער!
גאַנצער אַרום, אַן אויסגעמאָלענער,
דורכזיכטיק פאַרצעלייענער טעלער.

גלייך פאַרכשופט ציט זיך בלייך דאָס געסל,
אין אַ נעץ פון ים אַרויסגעפאַנגען;
„לאַמטערנאַ מאַגיקאַ" אויפגעלויכטן,
איז די זון אויף מאַסטבוים אויפגעהאָנגען.

## זון אויפגאנג

ס׳רייסט זיך אָפּ די זון פון ים — אַ געליבטער
פון דער געליבטערס בעט אָפּגעריסן!
ער וואַשט זיך נאָך דאָס פּנים זיינס גוט אַרום,
מען זאָל נישט זען די בלוטיקע ביסן —

איז דאָס געוועזן אַ שטורמדיקע נאַכט,
דער לייב אַ בלוי צעקניפּטער פול פלעקן,

ער גייט שטיל איצט אַוועק, הינטערוויילעכטס,
אין מיטן שלאָף זי נישט אויפצוועקן.

## די קליינע האלידעי־באלאדע

ווען געטובלט פון ים די זון גייט אויף,
ציט זיך איר שאָטן לאַנג ווי דער גלות,
גיסט ער מיט נעגל־וואַסער די הענט אָפּ,
און זי קניט פרום פאַר נאַקעטע „תלוי'ס".

ווען ברענענדיק אין זעניט ס'שטייט די זון,
נישט פאַראַן מער קיין סימן פון שאָטן,
פרעגלט ער זיך אין זאַמד — אין איר בליק־געפּלאַם,
און זי אין זיינעם — ברוין אָפּגעבראָטן.

אָבער ווען פאַרהילט די זון אונטערגייט
איבער בײדע ווינקענדיקע שטערן:
— אין אירע אָרעמס נאַקעט טוליענדיק —
אַ „תלוי" אויפגעהענגט צו ווערן — —

## נאך א קלענערע . . .

פון אַ שנופּטיכל דער קאָסטיום,
ווי אַ שלאַנג שיילט זיך איר שלאַנקע פּלייצע,
אַ גאַנצן לאַנגען טאָג וואַרט זי:
די ליכטיקע זון ווען שוין פאַרגייט זי.

היינט אויף בלאָנד און מאָרגן אויף שוואַרץ,
איז דאָס נישט די בעסטע עצה?
און אין דער פינסטער, אין דער נאַכט,
אויף איר אַליין איר מאַן פאַרבייט זי.

## צופלוס און אפפלוס

ס'וואַיעווען די וועלן ווילד און געוואַלטיק —
לויפט נישט ברומיק אָן פון ווייט ווו אַ וויסער בער?
אָבער רוישיקער נאָך דער טומל פון שטאָט,
וואָס מיטגעברענגט מיר האָבן צום ברעג דאָ אַהער.

ווי ברויזיק, ווי שוימיק ר׳זאָל נישט זיין דער ים,
ווי נאָר דער אָפּשוים פון שטאָט פאַלט נאָך אין זיין בליק,
אינמיטן ווילדסטן געלויף ער דערשרעקט זיך,
און פון ווו געקומען ער לויפט אויף גיך צוריק.

## מעוועס

זיי פליען נישט אַוועק פון דאַנען,
ווען ס׳קומען אָן די קעלטן און שטורעם־ווינטן —
מיט געזאַנגען אַוועקצופליען,
ווען אַלצדינג אויף הפקר בלייבט איבער פון הינטן?

נישט פון פעדערלעך צונופגעקלעפּט —
ס׳זיינען די פעלדזן אַרום זייערע נעסטן!
און פון ים אַרויס — פון אַ שיסל!
פּיקן זיי פון פעטסטן און פונם בעסטן.

זייערע יונגע בריט די זון אויס,
אויסגעדזשוביעטע שאָל — דער שוים אויף די וועלן!
אַרויף צום הימל זיי פלאַטערן,
איידער רויט־געצוויקט די פיס אויף ברעג די שטעלן.

אין שטורעם שלייפן זיי די שנאָבלען,
און אין פּאַראַייזטן ברעג — זייערע טעמפּע פליגל;
וונדערלעך ווערט ערשט דעמלט דער ים —
אין אַ זילבער רעם אַן איינגערעמטער שפּיגל!

און ווען דער הימל צום ים אַראָפּ
אַ זאַווערוכע לאָזט — אַ נעץ אַ געשפּינטן,
דעמאָלט ערשט זייער הייזריק געשריי,
פרייד געשריי באַגלייט פון ווילדע שטורעם־ווינטן.

## מרחשוון־לידלעך

נאָך מיט שוואַכסטן פֿילגעלע

מיט קאַלט צעשטרעקטע צווייגן דער נאַקעטער דעמב,
ער קלאַמערט זיך אינם וואָלקן אויף הימל,
מיט איינגעזאַפּטן שטראַל אין נאַסער קאַרע,
זיך צו צעבליִען כאָטש מיט טוכלען שימל.

אין די בלאָטע שיסעלעך, די פֿאַרשטומטע זשאַבעס,
פֿאַרקריכן זיך איידער ס׳פֿרירן די טייכן,
נאָר מיט שוואַכסטן פֿליגעלע זיינעם דער פֿויגל,
וועט דערפֿליִען ווו די זון צו דערגרייכן.

דאָ אין דער טעמזע

דערפֿליִען דען אַלע פֿייגל די ברייט פֿון ים,
אָבער אַלע דערפֿילן די פֿרייד פֿון פֿלי;
נאָך דאָס שוואַכסטע, אַפֿילו, מיט פֿליגעלעך קוים,
וואָס פֿאַלט אין דער טעמזע שוין אַראָפּ דאָ הי.

איז דען דער אָנפֿלי דאָרט, צי דער אַוועקפֿלי דאָ?
ס׳איז דאָס גרייטן זיך צו אים אַ לעבן לאַנג!
נישט נאָר דאָס דערזען די זון — די שרעק פֿאַרן תהום,
איז די ציטער־פֿרייד אויפֿברויז אינם געזאַנג.

ווען נישט ווען . . .

ביז אַרויף אויבן, ביז צום שפּיץ־דאַך אין דער הייך,
אַרויפֿגעקראָגן זיך די קריכפּלאַנצן אויף דער וואַנט,
מיט לעצטן כוח דערגראַבלט זיך, זעען זיי אויס,
ווי אַרויסגעקראָכענע אָדערן אויף אַ האַנט.

קיין בלעטל מער אויף דער נאַסער וואַנט, זי זעט אויס,
נישט פאַרעגנט — אָפּגעגאַנגען אין זיבעטן שווייס!
נאָר פון דער הויך פון שפּיץ־דאַך ווינקט גרין אַ בלעטל,
מסתמא גיט זיך נאָך, ווען נישט היינט, זון דאָרט אַ באַווייז.

### אַז איין וואָלקן פאַרדעקט די זון

1

קיין זון ס'איז אויף הימל נישט דאָ,
און ווי קיינמאָל ס'וואָלט נישט געווען;
אַז אַזוי טרויעריק ווי אַ מענטש,
דער הימל ער קאָן אויסזען.

און אַז קיין זון נישט דאָ בייטאָג,
ביינאַכט לבנה פון וווּ?
אַז מיין האַרץ איז אויסגעלאָשן,
ווי סמוטנע ערשט זיין מוזט דו.

2

אַז איין וואָלקן פאַרדעקט די זון,
גאַנצער אָרום אַזוי גרוי,
אַ סך גוויטיק צו פאַרכמאַרען,
אין אויג דאָס ביסעלע בלוי?

עס קאָן די זון צוריק אויפגיין,
אָבער אַ האַרץ פון פאַרזונק — —
ס'בלייבט שטיל ליגן, ווי אונטער אַש
אַן אויסגעצאַנקטער לעצטער פונק.

## אין נעפּל

1

אַן איינגעהענגער אין פּעסטן אָרעם,
אין כלה שלייערס פלאָטערט דער נעפּל,
אומענדלעך דער ציענדיקער שלעפּ;
און יעדער טראָט אַזאַ געהויבענער,
אַרויף אויף מירמל־שטיינערנע טרעפּ.

ווי הויך, ווי הויך, קיין סוף נישט צו דערזען!
פון הימל שיטן שוין פולע הענט,
האָפּן איבער פאַרשכורטע קעפּ,
נאָר דער צוריק אַראָפּ תהומיק־טיף,
ווי איינגעוויקלט אין שוואַרצער קרעפּ.

2

מיט יעדן לאַמטערן לייכטן מיר אויף,
אין יעטווידן בוים שלאָגן מיר זיך אָן,
אונזערע אויגן פול מיט געגאַף —
און עס איז יעדער מענטש ראַפּטים דערזען,
אַן ענטפּלעקונג אין טאָג פון באַשאַף.

וואָס איז אונטער אונז און וואָס איז פאָרנט,
גייען מיר פאָראויס, גייען מיר צוריק,
און אין אונז גופא ווער ווייסט וואָס ס'איז?
אַרומגענומענע און ליפּ צו ליפּ,
צו אַ לעצטן קוש, צום ערשטן ביס?

3

קומט עס פון הינטערווײַלעכטס, פון אַ זייט?
נישט קיין בלעטער געוויאַן אונטער די פיס,
קיין סקריפּ נישט פון פריש געפאַלענעם שניי,

נאָר אָן אויפהער פון אַלע פיר זייטן,
אַזאַ אויסטערליש און פרעמד געגיי.

שטילער, ס׳איז נישט מיין טריט, ס׳איז נישט דיינער — —
עס גייט אַזוי מאָדנע און פאַרהוילן,
אַ פיר־פיסיקער שטיינערנער געץ,
אין אַ זאַק פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס,
טראָגט ער אונז צוויי מיאוקענדיקע קעץ.

4

ס׳איז די ליבשאַפט נאָך, צי די שנאה שוין,
די „שני הפכים בנושא אחד״,
וואָס אייפערזוכט געפלט זיי צוזאַם?
צעטראָפּטער חלב, שמעלצנדיק קניידל,
און דאָס רויכל פאַרדושעט דעם פלאַם.

עס צאַנקט אויף דאָס ליכט און עס צעפלאַקערט.
עס צאַפּלט אין אַ לעצטן צעטריף —
ס׳אַש פון קנויט נאָך לייכט אויף אין געברען!
עס צוקט טליאַ׳ק מיין גוף, גליאיק און קאַלט:
דיין אויף־בליק אין נעפל קוים כ׳דערקען — —
— — — — — — — — — — —

5

אַ ברענען אין די אויגן, די ליפּן,
ווי נאָך אַן אויסגעלאָשענער שריפה,
און אין אָטעם דושענדיקער רויך;
דאָ און דאָרט אַ מויער נאָך געבליבן,
און אַ קוימען שטאַרטשעט אין דער הויך.

אַ צישן צווישן די נאַסע גלאָווניעס,
אָדער דאָס כסדרדיק טריפן
פון אַ פאַרגעסענעם גומי־שלויך?
אַזאַ שטילקייט ווי נאָך אַ בהלה — —
ס׳איז גאַנצע שטאָט אַוועק מיטן רויך.

# אין גרויען נעפּל אריין

אַז איך קען נאָך מיט היילן מיין לייב
אַ צווייטנס אומעט פריידיק פאַרשפּילן,
אין וואַקסנדיקן פליכל מיינעם
דעם אויפגלי פון ליפּן דערפילן.

ווי ס׳קלאַפּן דיינע יונגע דופקס
אַרום מיינע גרוילעכע שוין שלייפן,
אין אַזאַ שטילן זיך צענויפריידן
איינער דעם צווייטן צו קענען באַגרייפן — —

אַז איך קען נאָך אַ כעס פאַרגלעטן
מיט לאַסקעס פון טוליענדיקע גלידער,
צומאָל אין נעפּל אַריין אַצינד
זינגען ווי אַ פויגל פרילינג לידער —

די בלוי־בלאָע צייכנס אויף דיין לייב,
זיינען זיי פון בלויע מיינע בליקן?
און מיינע אין שלאָף זיי באַקומען,
ווי מיין באָבע אירע „אבות צוויקן״? . . .

ווי ווייך עס זיינען דיינע בליקן,
אַזוי שאַרף זיינען דיינע גליאיקע ליפּן
איך פיל ווי אויסגעשניטן ווידער,
עס ווערט איינע מיר פון מיינע ריפּן — —

זאָל איך לאַכן, זאָל איך מיך צעכליפּן?
אָ, אַז איך קאָן נאָך מיט לייב מיין הוילן
דעם גאַנצן פינסטערן אַרום־אונז
אין נעפּלען פאַרהילן און פאַרהוילן — —
— — — — — — — — —

און אויב דאָס איז דאָס לעצטע ליד מיינס,
ווי מיין צאָן אויף וועלכן איך קאָן נאָך בייסן,
אָבער דאָס האַרץ פונם לייב אַרויס,
וועסט דאָך נישט וועלן מיר אַרויסרייסן.

איך פיל, נישט אַרויסצורייסן,
ווילסט דיך נאָרקענדיק דערין באַהאַלטן —
אַ ציטריק חיהלע אין נאָרע,
פאַרקראָכן אין נעפּל אין קאַלטן.

ווי טוליענדיק, ווי ליבלעך, ווי שטיל,
אַז מענטשן קאָנען נאָך אַזוי ווערן!
און דער גאָרער פינסטערער אַרום,
מיט איינמאָל אינגאַנצן אויפצוהערן —

אָ, אַז מיט הוילן לייב און לעבן,
אַלצדינג קענען ליבלעך פאַרגלעטן,
און מיט אַ ליד מיינעם אין נעפּל איצט,
מיט סאָלאָווייען גיין אויף געוועטן.

## דער מאנומענט

קאָן אַ מאָנומענט פון בלוט געגאָסן ווערן,
צי פון פליסנדיקע זידיקע טרערן?
אָבער אַז דאָס בלוט אין לייב פאַרגליווערט ווערט,
און בלוטיק אָנגעצונדן אַן אויג וואָס טרערט — —

קאָן עס דען מיט אותיות פאַרשריבן ווערן?
אָבער האַרטע קנייטשן פאַרשטייפטע אין שטערן,
קאָנען זין פאַלדעווען געוואַלטיק אַזוי,
אַז ביי יעדען מענטש רייסט אַרויס זיך אַן אוי — —

מאָנומענטן קאָנען איינגעפאַלן ווערן,
אָבער אַזאַ צער קען ער אַמאָל אויפהערן?
זידיק גיסט זיך פון דור צו דור דער מעטאַל,
און ס׳איז גאַנצער ערד קיילעך דער פעדעסטאל.

## צוויי סאָנעטן

1

. . . . אַז וואָס נאָך איצטער איך וועל זאָגן,
עס וועט דאָך נאָר אַ ליגנט זיין,
און וועט מען׳ס דען גיכער פֿאַרשטיין,
מיט באַזינגען עס און באַקלאָגן.

ערגעץ ווו אויף טונקעלע ראָגן,
פֿון קיינעם נישט דערקענט צו שטיין,
און ריידנדיק צו זיך אַליין,
אַ שרעק אויף מענטשן אָנצוזאָגן.

נישט קיין חילוק וואָס מען זאָגט בלויז,
און וואָס דערפֿון מען הערט אַרויס —
פֿון קעל אַ שאַרפֿן ווי פֿון העק!

אַז נישט זיי הערן ווערטער מער,
און נישט עס רירט זיי שוין קיין טרער —
ס׳איז דאָס איינציקע נאָך די שרעק.

2

ליגט דער טויט אין מיינע אויגן,
הענגט אַ קללה אויף מיינע ליפּן,
קינדער צעלויפֿן מיט אַ כליפּן,
מאַכן ברייט אַרום אַ בויגן.

און די גרויסע, ווייל דערצויגן,
דערהערנדיק פֿון ווייט דאָס כריפּן,
ווינקן זיך איבער מיט אַ ציפּן,
ווי כ׳שטיי אַזוי אויסגעצויגן.

די גוט האַרציקע אין טרערן,
ווייזן מיט פינגער אויף שטערן:
נעבעך ס׳פעלט אַ קלעפּקע אים אין קאָפּ — — — — — — — — —

וואָלט איך אַזוי געקאָנט כאַטש ווערן!
כ׳וואָלט מיך אויסגעדרייט צו דערהערן,
ווי ס׳פאַלט אַ שטיין פון האַרץ מיר אַראָפּ.

*  *  *

ווי טיף דערנידריקן ס׳קאָן איינער ב׳צווייטן
און ווי קאָן ער אים גאָר הויך דערהויבן,
מיט די הוילע הענט צום הימל דערטראָגן
און מיט פיס צעטרעטן און צעשטויבן.

אין אַ מענטש ווי אין אַ גאָט מען קאָן גלויבן
און פון גאָט מען קאָן מאַכן אַ טייוול
מיט איין וואָרט נאָר, מיט איין בליק בלויז דעם נאָנסטן
קאָן מען טרייבן אין טויט־פאַרצווייפל.

ס׳פאַרציט זיך דער האַלדז, ווי אַ פּעטלע־שלייפל:
זיך אַליין ווי מ׳קאָן דערווידערט ווערן — —
איז עס דערהויבונג, איז עס דערנידריגונג,
דעם מענטש צו ליבן נישט אויפצוהערן?



H

# אבער . . .

דו פֿאַרגעסט: צי קאָן מען דען אייביק גיין אויפֿן שטריק.
— אָבער איז דען דאָס לעבן מער ווי אַן אויגנבליק?

דו זאָגסט: אַ ברעג צו דערגרייכן בויט מען אַ בריק.
— אָבער מיינט דאָס אַ צוועק דען דער אַהין און צוריק?

דו מיינסט: דער געפּערלעכסטער שפּרונג וואַרט נאָך אויף גליק.
— אָבער אַז דאָס הייליקסטע איצט איז בלויז נאָך אַ טריק!

קוקסט אַלץ: צי קאָן מען דען אייביק גיין אויפֿן שטריק.
— אָבער פֿאַרוויגן זיך אויף אים אַהין און צוריק?

## א לעצט געזאנג צו מיין לייב אויסצוזינגען

אַ לעצט געזאַנג צו מיין לייב אויסזינגען,
און נישט אַז עס זאָל עס ווער נאָך ליינען,
וואָרים ווען איך וועל זיין שוין געשטאָרבן,
מען וועט דאָך אים צומאָל נישט באַוויינען.

אַ לעצט געזאַנג צו מיין לייב אויסזינגען,
ווייל ביז אַצינד ער האָט אויסגעהאַלטן;
עס וויגט שטיל איין ווי אַ קינד דעם זינגער,
אַ זיך וויגנדיקער שטריק פון באַלטן.

אַ לעצט געזאַנג צו מיין לייב אויסזינגען,
צווישן די פיר ווענט עס זאָל בלייבן פאַרשוויגן — —
אַ זינגענדיק האַרץ, ווערט עס אומעטיק,
בלויז דער טויט קאָן עס, ווי אַ מאַמע פאַרוויגן — — — — —

און לעצט געזאַנג מיין לייב צו באַזינגען,
ווי לאַנג שוין קאָן ער דען געדויערן?
אַזוי קורץ ווי די פרייד פון מיין לעבן,
ווי דער טרויער מיין טויט צו באַדויערן.

# אז דער טרויער פארגנבעט זיך אין הארץ

אַז מען טראָגט אַ ליכטיקע זון אין האַרץ,
פול מיט צווייט ס׳איז דער פאַרשנייטער בוים,
זומער־פייגעלעך באַפלאַטערן אים — —
און דער טויט נאָך — אומשטערבלעכער טרוים.

אַז דער טרויער פאַרגנבעט זיך אין האַרץ,
קוקט טויט פון יעדן ווינקל אַרויס,
און די ליכטיקסטע זון אויפן הימל,
ווי דער העלסטער טרוים אין האַרץ — גייט אויס.

אויפן פאַרשנייטן בוים פאַר מיין פענסטער,
אַ פויגל וועט באַלד זינגען זיין ליד,
ווייל ערגעץ־ווו ווייט טרוימט ער אין דער שטיל,
פון אַ בוים אין זון ליכטיק צעבליט.

## מאסקעס

טו דאָך אָן וועלכע מאַסקע נאָר דו ווילסט בלויז,
די דײַנע ליפּן מעגן זײַן ווי פאַרצויגן,
קוים פון אונטער קויל־געצויגענע ברעמען,
אַרויסקוקן עס וועלן עכט דײַנע אויגן.

און אַז אַראָפּלאָזן פאַרשעמט דו וועסט זיי,
צווישן וויִעס צעגלאַנצטע פון אונטערשמירן,
וועל איך דאָך דורך די רויט־געשמינקטע ליפּלעך,
דעם עכטן שליף פון דײַנע צײַנדלעך דערשפּירן.

און אויב אַפילו אינם גיפּטיקסטן ביס,
קוים דערקענען מען קען צי עכט צײַנדלעך זײַנען,
אָבער דײַן קול, קוים כ׳וועל נאָר דערהערן,
פון אונטער אַלע מאַסקעס כ׳וועל דיך דערקענען.

מעגסט עס פאַרשטעלן מיט לאַכן, מיט וויינען,
די עכטקייט פון דײַן קול איך וועל אַרויסהערן,
טו דאָך אָן וועלכע מאַסקע נאָר דו ווילסט בלויז,
אָבער מיט דײַן עכטקייט בלויז וועסט מיר געהערן.

אָבער אויב דאָס איז אמת, אַז נאָר מיט מאַסקעס,
ווי מיט פּודער און שמינקע מ׳קאָן בלויז געפעלן,
איז יעטווידע רגע אַנדערש געמאַסקירט,
דיר וויל צו געפעלן איך וועל מיך פאַרשטעלן.

.2

אַז וויפיל מאָל איך לייג מײַן קאָפּ אין דײַנע הענט,
פאַלט פון מײַן פּנים אַ מאַסקע מיר אַראָפּ,
איז דאָך נישט קיין וווּנדער אַז אַזוי פיל דו האָסט,
און איינער נאָך דער צווייטער וועקסלט זיי אָפּ.

אָבער מיין קאָפּ ווען כ׳הויב אויף און איך קוק דיך אָן,
און אין דיין פּנים איך דערקען מיך אַליין —
און יעדעס שטריכעלע גענוי דערפון איך ווייס —
פאַלט ווידער מיין קאָפּ אין דיינע הענט אַריין . . .

און צומאָל די מענטשעלעך אין דיינע אויגן
זיינען זיי דען נישט אַ שפּיגל־בילד פון מיר ?
לאַכנדיקע לצימ׳לעך זיי קוקן אַרויס,
זיך איבערווינקענדיק מיט סודות אָן שיעור.

אַז איך האָב שוין מורא דעם קאָפּ אויפצוהויבן,
וואָרים ווער ווייס בלויז וואָס איך וועל שוין דערזען,
ווען די מאַסקע אַצינד דו וועסט דיך אָנטון — —
ס׳קען דאָך אַן אומגליק חלילה נאָך געשען !

נאָר דער טויט־שרעק וואָס וועט אויף דיר דעמאָלט פאַלן,
ווען מיט מיין לעצטער מאַסקע אין דיינע הענט,
וועסט בלייבן פאַרן שפּיגל, אַ פאַרגליווערטע,
און נישט דיך — מיך גאָר וועסט האָבן דערקענט —
— — — — — — — — —

3

מיט איין באַק לאַכט ער און מיט איינע וויינט ער,
ער איז אַ גאָט פון גאָלד געגאָסן, ער קען עס !
און איז עס דען נישט פון לויטערן גינגאָלד,
דאָס האַרץ פון דער ליבע־געטין, פון דער ווענוס ?

געטער זיי זיינען, הימליש דערהויבענע,
און צוויי מאַסקעס אויף איין מאָל זיי קענען טראָגן !
אַז די אויגן וואָס זיי האָבן זעען נישט,
און שטומע מיילער גאָר נישט מיט זיי צו זאָגן.

אָבער איך ווי קאָן איך צוויי מאַסקעס אָנטון,
און מיינע צוויי הענט צו אייך ביידע אויסשטרעקן,

אַז ווי פּאַר אַ גאָט אייערעביידע הערצער,
זאָלן זיך אויף איינמאָל פאַר מיר אַנטפּלעקן?

געטער זיינען זיי, הימליש דערהויבענע,
מענטשלעכע הערצער נישט דערפילן זיי קענען!
מיט איין באַק לאַכן זיי, וויינען מיט איינע,
ווען קינדער אין זייערע אָרעמס פאַרברענען.

אָבער ווי קאָן איך צוויי מאַסקעס אָנטון,
אַז צומאָל מיינע אויגן קאָנען נישט שווייגן!
און אין יעדן אָרעם וואָס שטרעקט זיך מיר,
ווי אין מולך׳ס — מיין לייב איך טו אַריינלייגן.

4

ווי לאַנג איך האָב נאָך אָפן מיינע אויגן,
וואָס איינגעפאַלענע באַקן, צעריסענער שטערן?
אַ מאַסקע אָנגעטון, אַ פריידיק צעלאַכטע,
און אונטער איר זאָלן נעצן פריש מיינע טרערן.

און ווערט זי צעקנייטשט און צעווייקט ווי מיין פּנים,
איז אַן אַנדערע אָנגעטון — — פעלן דען מאַסקעס?
אָ, מיינע ליכטיקע אויגן איך באַשווער אייך,
גוטע גאָר זאָלט איר זיין, גלעטנדיקע פול לאַסקעס.

ווען לעצטע שוין כ׳וועל אָנטון, מיין טויטן־מאַסקע,
אָפן זאָלט איר בלייבן, מיט גוטסקייט אָנגעגאָסן,
פולע מיט מחילה און מיט פאַרגעבונג פול,
אויף אַלע פאַרבלוטיקט פאַרגליווערטע פאַרדראָסן.

ווי עס קרימט זיך געהויקערטער מיין נאָז־רוקן,
אין אַלץ אַ גרעסער־געדרייטערן פראַגע־צייכן,
די געדאַנקן־שטריכן אין שטערן אַלץ טיפער,
און ווי סודותדיק די באַקן טונקלען און בלייכן — —

מיינע פולע ליפּן אַלץ דינער און שמעלער,
גיפּטיק ביטער, גלייך מיט גרין־געל־בלוי פאַרביסן — — —
אַ, ווי לאַנג איך האָב נאָך אָפּן מיינע אויגן,
ס׳בייזע פּנים ווי אַ מאַסקע אַראָפּגעריסן.

דער מאַסקע־טאַנץ

וואָס איז עס דען אונזער וועלטל,
וואָס איז עס דען אינגאַנצן,
אויב נישט אַ מאַסקאַראַד אַזאַ,
דעם טויטן־טאַנץ צו טאַנצן.

ס׳איז אַ ראָד אַרום בלינדער קו,
בײדע אויגן פאַרבונדן,
אַז איידער מען עפנט זיי אויף,
איז דאָס לעבן פאַרשוווּנדן.

עס מוז די מאַסקע נאָר פּאַסן,
דאָס איז דער סוד אינגאַנצן!
אַז איינס דערקענט נישט ס׳אַנדערע,
גייען צוויי מתים טאַנצן —

וואָרים נישט איינמאָל געשעט עס,
אין ראָד אין ווילד צעדרייטן,
ס׳פאַלט פלוצלינג אַ מאַסקע אַראָפּ,
און מען דערקענט דעם צווייטן —
— — — — — — — — —

עס טאַנצט יעדער זיין טויטן־טאַנץ,
אַליין, צי מיט נאָך איינעם,
און אַז מ׳דערלעבט שוין גרויס דאָס גליק,
מ׳פאַלט פון די פיס — צוויי זקנים.

## די באַלאַדע פון מאַן אין דער לבנה

ס׳איז נישט קיין פּנים מיט אויסגעשטאָכענע אויגן,
און נישט פון וויינען, כּסדרדיקן, אויסגערונען — —
איר מאַסקע געבליבן הענגען איז פאַרן פענסטער,
בשעת מיט אַ צווייטן פאַרשוואונדן ז׳איז און אַנטרונען.

אינמיטן טאַנץ מיט עמיצן זיך אָפּגעטראָגן,
ערגעץ־ווו מוז אויך נאָך דאָ ליגן איר זיידן־פּעכער!
איר מאַסקע איז עס, איר אַוועקגעשליידער־טע,
נישט קיין פּנים מיט אויסגערונענע אויגן־לעכער.

אָבער פאַרוואָס קוקן זיי אַזוי שטעכיק־שפּיציק,
אַז ליידיקע לעכער זיי זיינען און אויסגעשניטן?
ווייל דורך זיי האָט זי זיך דעם אַנדערן אויסגעזוכט,
געלאָזן אַליין שטיין און אויף אַ צווייטן אים פאַרביטן.

ווי אויסגעשטרעקט זיינע אויערן האָרכן און זוכן,
און מיט שנאַפּנדיקער נאָז עפּעס צו דערפילן — —
האָט ער נישט אַ מאָרדע פון אַ הונט איצט באַקומען,
וואָס ועט זיך אַנטקייגן דער לבנה באַלד צעבילן?

מיט לאַפּעס צוויי ווילדע דאָס פּנים כאָטש באַדעקן,
זיך צו צעוואָיען אַזוי ביז דער טאָג וועט באַגינען
און נישט קיין מאַסקע מער וועט אויף הימל הענגען —
אַ געל פּנים מיט הוילע לעכער טרערן צערינען.

## די „צאַפּל־מאַן“־מאַסקע

עס שניידן פּנימער גרימאַסן אַזוי לאַנג,
ביז די מאַסקעס זייַנען אויסגעשניטן;
אין ווילדן געלעכטער עס בלייבט איינע פאַרשטייפּט,
אַ צווייטע — אין מיטן צער צעליטן.

ביז צו אונטערשטער ליפּ עס ציט זיך טיף דער שטריך,
דאָרט זיך ערשט ווי אַ שנעק צו פאַרדרייען !
אַז נישט אַרויסבאַקומען עס קאָן שוין קיינער,
צי פון לוסט דערפילט ס׳איז, צי פון ווייען . . .

און וויפל חכמה אין איין פעלטל ס׳קאָן ליגן,
און וויפיל ביטרעקייטן באַהאַלטן — — —
ס׳איז אַ שפּינען־נעץ אַ פאַנג אַריינצוציען,
אַ פּנים מיט אויסגעגעלטע פאַלטן !

נאָר ווי צו יענעם, ווען זיין פּיין איז אַזוי גרויס,
אַז קיין מאַסקע קאָן זי נישט פאַרדעקן,
און דורך דעם פאַרביטערטן פאַרשניטענעם מויל,
זיין לאַנגע צונג ער מוז אַרויסשטרעקן . . .

געגליכן איז ער שוין דעמאָלט דער דאַזיקער,
צום „צאַפּל־מאַן״ אויף שנירל געצויגן,
וואָס בלייבט הענגען מיט אויסגעבלעקטער צונג,
און אויסגעגוליעט פאַרגלייזטע אויגן.

## סערענאַדעס . . .

1

לײדיק די גאַס, פֿינסטער די פֿענסטער,
צו װעם זינגט עס די סערענאַדע?
דאָ אױפֿן װאַסער גײען דאַמפּערס,
נישט גאָנדאָלעס, נישט שיפֿל פֿון יאַדע.

אין פּולער לבנה אַ סקעלעט,
מיט אַ פֿאַרװאָרפֿענער טשופּרינע,
קנאָכיקע פֿינגער אױסגעדאַרטע,
ציפּן טענער פֿון מאַנדאָלינע:

נישט נאָר געליבטע װאַכן די נעכט,
און קאָנען פֿון פֿרײד נישט אײנליגן,
אױך אָפּגענאַרטער געפֿינט קײן רו,
און פֿון זײן האַרץ כריפּעט אַ ניגון:

ס'איז די ליבע אַ רױטער עפּל,
װײ װען אַרײן ס'קריגט זיך דער װאָרים.
נישט אַ ליד פֿאַר ליכטיקן פֿענסטער,
אַ געװײן פֿאַר פֿינסטערע קברים — —

.2

רחמנות נעבעך אױף אַ יוליעט אַזאַ,
אױב ראָמעאָ קאָן קײן פּלעט נישט געפֿינען,
מיט „היטינג", מיט טעלעפֿאָן, מיט „טעלעװיזשאָן",
איז ביז װאָס ביז װען — ביז עס ירצה השם!
געפֿינען װעט זי נאָך אַ צװײטן אינצװישן.

אַך און ווי וואָסער ראָמעאָ ס'קאָן שוין זיין,
אַז דערלעבט ער האָט ביז אונזערע צייטן,
און קיין אויטאָ צומאָל ס'פּאַרמאָגט נישט זיין אייגן;
עס איז זיין סערענאַדע־ליד אין דער נאַכט,
אַ הונט וואָס וואָיעט דער לבנה אַקייגן.

עס פונקלען די שטערן און הערן זיך צו,
די לבנה בויגט טרויריק דעם קאָפּ אַראָפּ,
מיט טרערן־איבערלאָפּענע פולע אויגן:
אַ גרויס רחמנות נעבעך אויף אייך ביידע,
צו ראָמעאָ־יוליעט־ראָלעס מוז מען טויגן . . .

אַנטענען, טעלעפאָנען, טעלעוויזשענס
און ס'קאָן ליגן איינער גאַנץ נאָנט ביים צווייטן,
און נישט דערזען אים און אים נישט דערהערן — —
איז אַ וווּנדער אַז אין מיינע וואַנדל־נעכט,
אויסגעוויינט מיינע אויגן לעכער פון טרערן?

3

זינגט עס צו לבנה, צו איר פּנים,
אַ ליד אַזאַ שוין צו קיינעם און צו יעדן?
עס איז אַ געזאַנג פון אַן איינזאַמען,
וואָס האָט מיט זיך אַליין שוין גענומען רעדן:

ווען אויף דיינעם איך זע ליגן יענעמס,
וויאַזוי נאָך קאָנען אָנקוקן דיין פּנים?
עס קוקט אויף מיר חוצפּהדיק, העזהדיק,
ס'צעלאַכט זיך און רייצט זיך: איך קאָן אים, איך קאָן אים . . .

וואָסער פּנים קאָן אַ מענטש נאָך האָבן,
אַז אַזוי מיאוס אויסגעלאַכט ער איז געוואָרן?
„אַ מעשה" זיך אָנטון, דיר און יענעם,
גרינגער ווי אַ פּנים אויסמעקן פון זכרון . . .

ווי אַזוי ס'פּנים פון דער ערד נאָך זען,
צי האָב איך דען דיינס מיט ריינקייט אָפּגעהיטן?
ס'איז גרינגער דאָס גראָז איבער זיך,
ווי אויף צווייגן איצט זען פרישע פרילינג־בליטן.

וויאַזוי דיינע אויגן נאָך זען,
די מענטשלעך אין זיי צעפּלאַצט וועלן דאָך ווערן,
פון אַ געלעכטער איבער מענטשן צוויי,
וואָס זייער גאַנצע פרייד אַ קוואַל איז פון טרערן.

4.

ווי אויף אין־סופיקן הימל, דו,
פון דער זון דו נעמסט דיין ליכטיקן שיין,
פונקט אַזוי איך, וואָס בין איך אַליין,
איבערן דאַך געפלויגענע קו — —

ווי אויף אין־סופיקן הימל, דו,
אונזער לעבן לויפנדיקער פילם־באַנד,
און ווער עס וויל מיטן קאָפּ דורך דער וואַנט,
איז קוק זיך צו מיר אַצינד צו — —

ווי אויף אין־סופיקן הימל, דו,
מיך אַרומדרייען איבער געסלעך דאָ,
אַ פאַרוווּנדיקטע קראַקעדיקע קראָ,
ביז צום סוף כ'וועל דאָך געפינען רו — —

ווי אויף אין־סופיקן הימל, דו,
פול מיט פּגימות ביזט און גאַנץ דו ווערסט,
ווען דאָס מאַנדאַלינע־געכריפּ דו הערסט,
ווייס, ס'איז יענעם „באָס־גייגערס": „בו — — בו — —"

## ערב פרילינג לידער

קראָקאָס

אַז די זון דערזען האָט דעם קראָקאָס אונטערן בוים,
איז זי אַ פאַרוואונדערטע שטיינגעבליבן,
און ווי אין אומגלויבלעכן זיך צו איבערצייגן,
דאָס פאַרראָפּעטע אויג אירס קלאָר אויסגעריבן —

מיט אייגעלעך אויפגעריסן, אַ פאַרלוירן קינד,
פון ווינט און פון רעגן געיאָגט און געטריבן,
איז עס דאָ אונטער ברייט-בייניקן רוקן פונם בוים,
אַ בלייך איבערשראָקנס לעבן געבליבן — — —

אָבער ווי נאָר מיינע אויגן די זון האָט דערזען,
אונטער אַ כמאַרע צוריק זיך פאַרקליבן:
אַ שרעק ס'נעמט אַרום אויף דער ערד אַראָפּצובליקן,
אַז טרויער קאָן אַן אויג אַזוי פאַרטריבן.

ביים שניידן דיביימער

עס קלעטערן די גערטנער אַרויף אויף די ביימער,
עס בלישטשען אין לופט זייערע גלאַנציקע שערלעך,
ווי די פייגלעך זיי טשוויטשערן לוסטיק פריילעך:
אַ צווייג מער, אַ צווייג ווייניקער — נישט געפערלעך!

און וויפיל נישט צעפיקן זיי זאָלן די זריעה,
די גנבלעך, די הונגעריקע שפערלעך,
וועט אַלץ בלייבן גענוג שפע פאַר יענע גערטנער,
וועלכע זייען אויס אין שווייס ערלעך און שווערלעך.

אָבער ווי אַזוי נאָך אויף ווייטער זיך פאַרפלאַנצן,
אַז אויסגעריסן מ'איז מיט די וואָרצל-הערלעך?
אַז אַ פרי פאַרעפושט איז און פאַרשימלט שוין,
נאָך וואָס פאַרזייען נאָך אירע פוילע קערלעך?

צו אַ דעמב . . .

וועט ער זיך דען נישט צעוואַקסן דער דעמב,
מיט די זעלבע בלעטלעך ווי פֿאַר יאָר,
און שטיין ער וועט יוסט און צעשפּרייט און פעסט
פרילינגדיק נישט געמינערט אַ האָר;

און אינם אויפגעריסענעם לאָך אין זייט,
כאָוועז ער וועט גאָר טויבן אַ פּאָר.

דער שוואַרצער מרה שחורהניק, דער ריז,
ערשט פון אַ לעבן וויסן אַצינד,
דאָס געוואָרקע אין די לבנה נעכט —
לייבהאַפּטיק ב׳געצווייג וויגט זיך אַ קינד;

און פון זיין וווּנד מיט יעדן זון אויפגיי,
פלאַטערט אויף דער פרישער פרילינג ווינט.

איין שלאַנקביימל
(באַלאַדע)

איין שלאַנק ביימל, אַ צעקנאָספּעטס,
און דער גאַנצער הויף, ענג און גרוי,
צעוואַקסט זיך דערהויבן אַרויף,
אַ גאָטיש געשטרעקטער געבוי.

דער אָפענער פאַרשפּיצטער אויבן —
קוים אַ שפּאַן די ברייט ער וועט זיין, —
דורך טיף־בלוי באַמאָלן פענסטער,
קוקט שטילקייט לבנהיש אַריין.

צווישן קאַרניזן, פאַרשפּיצטע,
אַ וואָרקנדיק פּאָרל פאַרשטיינט;
קילע טוכלעקייט יאָגט קאַלט אָן,
אין קעלער שטוב ווו אַ קינד וויינט.

צינדט זיך אַ ליכט אין בוידעם שויב,
איז עס פּאַר אַ מאַדאָנע־בילד?
אינם פענסטער־רעם אויבן אַ פרוי
אויסגעצערט און פאַרצערט און מילד —
— — — — — — — — —

איבער אַ ווינקל געבויגן,
שטיל סודותדיק דאָסביימל שטייט,
בלעטלעך מישן זיך, ס׳שעפּטשעט,
ווען ערגעץ־ווו די זון אויפגייט.

## אַ בל׳יענדיקער בוים

דאָס לופּטיקע אַרום בליענדיקן בוים,
גלייך אַליין מען וואָלט פלוצלינג פליגל געקריגן;
און אינם האַרצן אַ פלאַטער, אַ צעזינגטער,
מיט לאַנג שוין פאַרגעסן־נאָגנדיקן ניגון.

איז דאָס געזאַנג דען פונם פויגל אויפן צווייג?
אינם האַרצן טוקן זיך זון־גאָלדענע וועלן!
עס איז יעדעס צעבליטע צעוויגטע צווייגל,
אַ פלייט, וואָס פּילט די לופט אָן מיט די זיסטע טרעלן.

## פאַרוואָס ווײנט אַזוי דאָס פייגעלע אויפן בוים

פאַרוואָס וויינט עס אַזוי דאָס פייגעלע אויפן בוים,
פאַרוואָס וויינט עס אַזוי דאָס האַרץ צוצערייסן?
איז דאָך דער גאַנצער אַרום צעקנאָספּעט און צעבליט!
איז עס זיין קאַפּריז אַלעמען אויף צעפלייסן?

אַז אַלע יאָר ס׳זעלבע בליען, אַ האָר ס׳זאָל פעלן;
אין לילא דער בעז, דער עפּל־בוים אין ווייסן — —
און פון פאַרליבטן טויבן־פּאָר דאָס זעלבע וואָרקען,
און צומאָל צום הימל זיין פליגל־פאַררייסן . . .

אויף דאָרניק שפּיציקן שטעכיקן צווייגל

דראָטן געפלאָכטן, געהעמערט, געשמידט,
גראַניט און צעמענט און שטאָלן און אייזן,
און מיט טויזנט רעדער, יעדע רגע,
ציען זיך ענגער די פאַרכשופטע קרייזן.

אָבער זע פון נעץ, געפלאָכטענעם,
שטאָט פליט אַרויס אַ פויגל פון אַ שטייגל,
און זי ברעכט אויף אַ קנאָספּנדיקע רויז,
אויף דאָרנדיק שפּיציקן שטעכיקן צווייגל.

און פון מיר און דיר, פון אַלע אַרום,
עס איז דער כשוף ווי אַראָפּגענומען,
אונזערע הערצער — פלאַטערדיק שוועלבל,
פון די וויסטע לענדער צוריקגעקומען.

טיף צו דער ערד . . .

נישט קיין גרויער נעפּל מער גייט אויף —
אין זיידן שלייערן הילט זיך די ערד!
און ווער איז נישט דער באַשערטער,
צו דערזען אַזוינס, אַז ס׳איז אים באַשערט.

דער אויסגעשפּרייטער הימל אויבן —
די בלויע חופּה הויך איבערן קאָפּ!
יעדער בוים, פון דער חופּה דער שטאַנג,
וואַקלדיק שיט ער שוין דעם צוויט אַראָפּ.

עס צינדן הבדלות מאַגנאָליעס,
אַ קאַשטן־בוים האַלט אַ לייכטער אין האַנט!
און פון יעדן פיין פאַרקעמטן קוסט,
פלאַטערט איינגעפלאָכטן אַן אַנדער באַנד.

די קשאקעס שטרעקן זיך, שטופּן זיך,
איינס איבער ס׳אַנדערע קעפּ איבער קעפּ!
און איך פאַרבויג מיך טיף צו דער ערד,
נאָכצוטראָגן איר דעם זיידענעם שלעפּ.



K

## צו דער זון
(סאָנעט)

אויפצוהויבן כ׳שעם מיך מײַן טריבן בליק:
שטייט זון אין מײַן פֿענסטער אַ פֿאַרשעמטע,
צי אַ געמאָלענע גאָר, אַן אײַנגערעמטע,
פֿון פֿאַראַיאָרן נאָך געבליבן צוריק?

ערגעץ ווו דאָ אונטער פֿינסטערער בריק,
אַ פֿאַרפֿרוירענע, פֿון גיכט אַ געלעמטע,
בײַז פֿאַרביטערט, אַ פֿאַרזשמורעטע באָברעמטע —
אַ פֿלעדער־מויז שאָקלט זיך אויף אַ שטריק!

כ׳האָב מורא מײַנע אויגן אויפצוהויבן,
צי קאָן איך נאָך דאָס וווּנדערלעכסטע גלויבן,
אַז אַן אויפגייענדיקע פֿרישע זון,

נאָך וואַרעמען וועט מײַנע מידע גלידער?
און אַז כ׳זאָל נאָך גאָר זינגען צו איר לידער?
איך האָב דאָך שוין נישט געטראַכט מער דערפֿון.

# ביים טייכל

1

ווי גלאַט עס איז דאָס טייכל, ווי גוט,
פון אַ רעם אַרויס ס׳בליקט פונם ברעג ;
אַ ליכטיק פנים אָן איין פּעלטל,
וואָס די זאָרג דערפון איז גאַנץ אַוועק.

און ס׳איז די ווערבע אויף סאַמע ברעג,
צוריקגעהאַלטן געבליבן שטיין :
זי וועט עס דאָך נאָך מאָנטגע מאַכן,
איין שריט נאָך בלויז ווייטער זי וועט גיין.

2

מיט אירע קאַטשקעלעך די קאַטשקע
קעניגלעך שטאָלץ איבער קלאָרן טייך,
און ווען דער קאַטשער שווימט איר נאָך נאָך,
איז ווער שוין דעמאָלט צו איר נאָך גלייך.

אין וואַסערן די צוויי ווייסע שוואַנען,
שפּיגלען זיי זיך אין אייגענעם קלאָר,
אָדער קוקן אייך די קאַטשקע נאָך,
אין זיך אַליין פאַרגעסנדיק גאָר ?

3

נישט לבנה שוין און שטערן ס׳איז —
מיט אירע הינדלעך אַ וואַסער הון ;
זיי ווילן דערשווימען שנעל צום ברעג,
צו זעצן זיך צוזאַם מיט דער זון.

פאַרטונקלט אַ וואָלקן דעם הימל,
צערייסט ווילדער שטורעם אים אין צוויי ?
זיי זיינען ראַפּטים אויפגעפלויגן,
אַ רויב־פויגל יאָגט אָן מיט געשריי.

# די בליענדע ווערבע

האָט מען נישט ביי די טייכן פון בבל
אויפגעהאָנגען די האַרפעס מיט געוויין,
דערפאַר תמיד ביי יעטווידן טייך־ברעג
טרעפט מען אַ פאַרשוויגענע ווערבע שטיין.

די געפּלאַצטע סטרונעס פון די האַרפעס,
הענגען פאַרפּלאָנטערט און סמוטנע אַראָפּ,
צומאָל דער ציטער בשעתן פּלאַצן,
און דער פרישער ריס נאָך, שפּיגלט זיך אָפּ.

נישט צו אַ בוים — צו יענער רעכטער האַנט,
אָקאָרשט שווערן הויבט זיך אין דער הויך,
איז זי גיכער געגליכן די ווערבע,
טרויריק און שווער־שטרעקנדיק זיך ביים טייך.

## דאס בעזביימל

אינדערהיים, דאָס בליענדיקע בעז ביימל,
אויפֿן באַרג אַרויף, פֿון מקווה ביים אַהיימגיין,
דער טאַטע האָט דעראויף אַ ברכה געמאַכט,
האָט עס פֿרום צוגעשאָקלט און געזאָגט: „אמן" —

איז עס נישט גראַד פֿון מקווה פֿונקט געגאַנגען,
און צניעותדיק ביי דער זייט מיר געבליבן שטיין;
אין צעפּלאָכטענע צעפּ, פֿאַרן אָפּשערן,
פֿינקלען לויטערע טבילה־טראָפּן אין זון־שיין — — —

ווען שווער אין זיינע בליטן עס שטייט דער בעז,
זוך איך דאָס ביימל, טאַטנס ברכה פֿלעגט פֿאַרשטיין,
כ'בלייב שטיין דערפֿאַר, מיט צעשעפּטשעטע ליפּן,
און עס דאַכט זיך מיר, עס ענטפֿערט פֿרום נאָך: „אמן".

## צו א בליענדיקן גאָלד-רעגן-בוים

1

ווייסט, פאַרוואָס די פייגל זינגען אַזוי זיס?
זיי ליינען פון דיינע בלעטלעך אַראָפּ,
אַ ליד אַ וווּנדערלעכס, אָן אויפגעשריבנס,
מיט אַזאַ זיסלעכן שלשלת־טראָפּ.

די זומער־פייגעלעך פון צווייגל צו צווייג,
חזרן אין דער שטיל דאָס זיסע ליד,
און די בינען, עס אויפנעמענדיק אין זיך,
ליגן פאַרטיפט איבער יעדן בליט.

2

בלויער פאַרטיפטער איבער דיר דער הימל,
אַריינקוקנדיק אין דיר, אָן אויפהער,
ווי ס'וואָלט אין אים עפּעס טיפס אויפגעגאַנגען,
וואָס ביז איצט צו פאַרשטיין געווען שווער.

מיט אַ ווינטל, אַ בלעטל מישט ער צוריק,
נאָך נישט אַלץ אַרויסגעלעזן דערפון!
אַ פאַרגרעסער־גלאָז, גאָרנישט נישט צו פאַרזען,
רוקט ער אַלץ נענטער און נענטער די זון — —

3

נישט שוואַלבן געטשוויטשע, נישט פויגל געטרעל,
און נישט פון די צווייגן פאַלנדיקער צוויט —
אַ רעגן פון גיך־גאָלדענע רענדלעך,
פילט די אויערן מיט קלינגענדיקן געשיט.

אויף אַ פּלייט, אַ גאָלדן פאַרגילדיקטן,
פייפט ווער אַזוי זוניק־זיס אויף דיינס אַ צווייג!
מיין בליק, נשתוממדיק און שטוינענדיק,
ווערט לויטערער, ווערט בלויער — פול מיט געשווייג.

4

אָ, ווי וואָלט איך געוואָלט אַוועק פון מיר,
פון עקלדיקן טומלדיקן אַרום — —
און ווען נישט אַ פויגל אין דיין געצווייג,
כאָטש אַ וואָרעם צווישן דיין וואָרצל געקרום.

אַ בלאַסער שאָטן פון דיר געוואָרפן,
מיט יעדע רגע ווערן קלענער און קליין,
און ווען גאַנץ אין זון פאַרגילדיקט דו שטייסט,
אויפהערן דעמאָלט אינגאַנצן שוין צו זיין.

# יאסמין

אַלע יאָר, ווען עס בליט דער יאַסמין,
נעמט אַזאַ טרויעריקייט מיך אַרום;
איז עס דער באַטויבנדיקער גרוך?
די קלאָרע ווייסקייט אויף דעם שאַרפן גרין?

דערמאָנט עס מיך אין ליבע, אין טויט?
דערמאָנט עס מיך, אַז אַלצדינג מוז פאַרגיין?
ס׳צוויַיגל יאַסמין, וואָס האָסט מיר געברענגט,
אין גלאָז וואַסער אויף מיין פענסטער כ׳זע שטיין —

פלאַטערסט אַוועק און קומסט באַלד צוריק,
געהערסט נישט דאָ מער און ווייסט נישט וווהין —
אַ נשמה טוקט זיך און טרינקט זיך — — —
אַזאַ קלאָרע ווייסקייט אויף שאַרפן גרין.

## צוויי אקאָרדן

1

ר׳זאָל מיר געגעבן ווערן, דער טויט, טראַכט איך פון אים,
האָב איך נישט געטראַכט פון דיר נאָנט זאָלסט מיר ווערן?
וואָרים איז דען נישט דער פון איינעם דער נאָנטסטער,
ווער ס׳קושט אויס אים פונם אויג די לעצטע טרערן?

אָבער פונקט ווי דו, אפנים, ס׳איז אויך דער טויט,
אַ״ט־אָ שוין, און איך מיין גאַנץ וועסט מיר געהערן, —
מוראדיק און אייביק און נאָנט אַזוי און שטיל! —
און נישט אויסגעקושט עס בלייבן לעצטע טרערן.

2

עס איז דאָס לעבן, עס איז דער טויט,
אינמיטן מיר מיט אונזער געראַנגל — —
און עס פיקט זיך פון דער ערד אַרויס,
אַ שלאַנגל, אַן אויפגייענדיק זאַנגל.

עס איז די ליבע, עס איז דער האַס —
אין האַרצן אַ פאַרחלשט פאַרלאַנגל!
ווער ס׳ווילס דערוועקן, ווער דערוועריגן — —
און אינמיטן איך מיט מיין געזאַנגל.

## דער אלטער אקאציע בוים

די קליינינקע, די צאַרטינקע בלעטעלעך,
אַ ביסל אומבאַקוועם זיי פילן זיך מסתם,
באמת, ווי קומען זיי דאָ אַרויף גאָר,
אויף דעם קאָרעדיק־צעקנייטשטן, קנאָכיקן שטאָם.

אויף מאַנדל־בוים צווייגל, אויף רויזן קושאַקל,
מיט זייער צאַרטקייט גוט זיי וואָלטן צוגעפּאַסט,
אָבער אויף דעם געהויקערט געקאָרטשטן ?
עס האָט ווער פון אים, דעם עבר־בטל, געשפּאַסט —

מיט גרינע פעדערלעך זיין שיידל באַשטעקט,
אַרומקריינענדיק אים אַ פּליכל אינדערמיט — — — —
און ווי קאָמיש ערשט וועט זיין קאָפּ אויסקוקן,
אַ פריש געקרייזלטער מיט לעקלדיקן צוויט.

# איבער קוואַליקן לבנה-פעלדזן

1

אַ פאַרדאַרשטיקטע זי קומט צו אים,
צו אַ קוואַליקן קאַלטן קוואַל צו גיין,
אַ ליידיקער קרוג טראָגט עס זי אָן,
ער אָבער איז פון האַרטן פעלזן־שטיין.

זי שטילט זיך, קילט זיך, לבנהיש־לויטער,
און הערט נישט זיין שטיל ציטערדיק געוויין:
נאָר איין קאַפּעטשקע נענטער צום פעלדז,
און דער קרוג חלילה וועט צעבראָכן זיין.

ווען געשטילט געקילט, אַוועק זי גייט,
ער בלייבט שטייניקער נאָך איינער אַליין,
ס׳רינט אין אים נאָך קוואַליקער קלאָרער,
זיין לויטערדיק, זיין תפילהדיק געוויין.

2

עס בויען די אָדלערס נעסטן אויף אים,
די היי־פיש צעשמעטערט אין אים ווערן;
אינמיטן ים, אין פינסטערן צעברויזטן,
ווייזט ער דעם וועג לבנה און שטערן.

עס שלייפן די ווינדן זיינע ריפן,
די בליצן — די ווינקלען פון זיין שטערן!
צום געברויז פון כוואַליעס און דונערס,
גלייך צו געזאַנג טוט ער זיך צוהערן.

נישט ווילדע שטורם ווינטן, נישט בליצן,
דעם פעלזן וועלן קענען צעשטערן,
נאָר דער טראָפּן, וואָס רייסט זיך אין אים
און צו טריפן ער וויל נישט אויפהערן.

## צוויי סאָנעטן

1

ווען אַראָפּקייקלען מען קען דעם שווערן שטיין,
די פֿאַרדאַרשטיקטע סטאַדע אָנצוטרינקען,
מעג מען די שײנינקע רחל צווינקען,
אַז מיט אירע לעמער זי זאָל בלײבן שטײן.

לבן׳ס טאָכטער איז אַ קלוגע, נישט נאָר שײן:
נישט פֿאַר בילע וועמען וועט זי זיך שמינקען;
אַ יעקבֿ, ער מעג צומאָל אונטערהינקען,
אָבער ווי לאַנג פֿאַר די שאָף פֿאַשע וועט זײן.

קאָן מען מיטן קאָפּ דעם האַרטן פֿעלדז אַדורכברעכן,
מיט נאָז פֿאַראַקערן פֿעטע פֿעלדער־פֿלעכן,
און אײדער זון פֿאַרגײט די סטאַדעס שאָף

צו זעטיקן און צו שטילן נישט פֿאַרזוימען,
דעמאָלט מעג מען פֿון הימלישן לײטער טרוימען,
אין די נעכט אַ פֿאַרמאַטערטער אין שלאָף.

2

וואָסער קריגעלעך זײנען דאָס געווען,
וואָס יעקבֿ פֿאַרגעסן אויף יענער זײט טײך,
אַז צוריק אַריבער ער איז תּיכּף גלײך,
און געשען עס איז דאָס וואָס ס׳איז געשען?

אויף רחל׳ס קאָפּ די קריגעלעך דערזען,
ווי שטאָלץ געטראָגן און ווי קעניגלעך גלײך,
און אירע ליפּן שעפּטשען ציטערדיק בלײך:
מײן ליבער, צו טרינקען פֿון זײ געבן —
— — — — — — — — —

חלילה, נישט ליידיק די קריגעלעך איצט זיינען,
פולע צעפינקלטע פון ביידעס געוויינען,
איבערגייענדיקע פון נעכט פול שוויגן.

איז ווען דער טאָג וועט קומען און ער וועט שטאַרבן,
זאָל מען די קריגעלעך צעברעכן אין שאַרבן,
אויף זיינע אויגן שערבעלעך צו לייגן.

* * *

נישט נאָר ס'קריגעלע גייט אַזוי לאַנג צום וואַסער,
ביז עס ווערט צעבראָכן,
דער האַרטסטער פעלדזן שטיין ווערט, ווי אַ קלייד פון וואָל,
פון מאָלן צעקראָכן.

נישט נאָר דאָס שוואַכע געמיט, דאָס לייכט גלויביקע,
מוז ווערן צעבראָכן,
צומאָל דאָס שטאַרקסטע האַרץ, דאָס שטאַנדהאַפטיקסטע,
אַ פולס מיט בטחון.

# סאָנעט

אַז ס׳שטיקעלע הימל פאַר מיין פענסטער נישטאָ מער,
ווי אַזוי אין אַ רינגל פאַר דיר עס איינפאַסן ?
וועט עס צו דיין שלאַנקן קדושן־פינגער גוט פאַסן,
אַריינזעצן דערין כ׳וועל אַ פאַלנדיקע טרער ?

אָ, צו טראָגן דאָס פינגערל עס וועט זיין צו שווער,
דעם בלויען הימל פאַר דיין פענסטער ס׳וועט פאַרבלאַסן !
ווער ס׳פרווט עכטקייט פון ליבע מיט איפערזוכט־האַסן,
איך מעסט זי נאָך אַלץ מיט מיין שווער פאַלנדיקער טרער.

ווי גרויס און ווי שווער און ווי אָנאויפהער זיי פאַלן — —
ווי, ווען ס׳ווערן צוויי אויגן נישט־דערשעפטע קוואַלן,
און פולע איבערגייען און גליען און בריען.

אָ, איך האָב מורא אין שנירלעך זיי אויפצוציען !
אַז דיין שלאַנק־געטאָקטן האַלדז זיי וועלן נישט צירן,
זיך אַ „מעשה" מיט זיי אָנטון, ס׳קאָן נאָך פאַסירן.

## אויסטערליש

אַנדערש איז ס׳בלוט געפּאַרבט ווען ס׳גייט צום האַרץ,
ווי ווען ס׳גייט פון האַרצן צוריק אַרויס;
די געסלעך וואָס פירן ביז פאַר דיין טיר,
גאַנץ אַנדערש זעען זיי אַצינדערט אויס.

נישט נאָר זיינען די הייזלעך מאָדנע פרעמד,
נאָר מיין אייגענער וואַקלדיקער טראָט;
אַן אומבאַהאָלפענער פאַרוואָגלטער,
אַקאָרשט אָנגעפאָרן אין פרעמדער שטאָט.

און דער ראָג ווו מיר פלעגן זיך טרעפן,
ס׳גיט אַ קלאַפּ אין האַרץ, ווען כ׳גיי אים פאַרביי;
ס׳שנירלט מיין בלוט אין האַלדז זיך צוזאַמען,
נישט צו טון אַן אויסטערלישן געשריי.

## קליינע גרויס-שטאט באלאדעס

1

ער גיט איר וואָס זי וויל, ער האָט זי ליב,
זייער קינד איז שוין אַ גאַנצענער זון,
ער איז איר מוחל, איינס נאָר נאָגט און נאָגט:
ער וויל בלויז וויסן פאַרוואָס האָט זי'ס געטון?

ער אַרבעט, ער פּראַצעט, ער האָט זי ליב,
די מאַמע דאָך פון זיין איינציקן זון!
אָבער אין מיטן פרעסן בלייבט ער שטיין:
משוגע ער וועט נאָך ווערן דערפון — —

נאָך דער אַרבעט, זאַט אָנגעגעסן,
ווי געשמאַק זי קאָכט אים דאָס פערטל הון!
קומט ער זיך פאָר, אַן אויסגעריסענער,
פונם וויצן־בלאַט אַ קאָמיק־קאַרטון.

און אין דער נאַכט, מיט אָפענע אויגן,
ער ליגט אַזוי אינם געדאַנק פאַרטון — —
גאָרנישט ער זעט פון שטוב, פון סטעליע בלויז
דעם סטאַרטשענדיקן האָקן פון משיגון.

2

נישט קיין אָרעם בוידעם שטיבל צומאָל,
און נישט אין קיין פינסטערן קעלער לאָך,
נאָך האַלבערנאַכט אין אַ פערלעגן געסל,
אונטער אַ צעבראָכענעם טויער, און דאָך — —

ר'וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם קוש,
וואָס געקריגן פון איר ביים אַוועקגיין,
ער דרייט זיך אויס און קוקט פרום־נאָנט איר נאָך:
דאָס שפּלסטע נאָך ווי הייליק ס'קאָן זיין...

זי האָט דערשפּירט זײַן עלנדקייט,
זײַנע שוועך פּאַרפּראַצעװעטע צװײ הענט,
צו איר קראַנקן מאַן אַהיימגעקומען,
האָבן אירע ליפּן נאָך בלוי געברענט —

ס׳טריפט פון די דעכער, די פּיס זײַנען נאַס,
אַזאַ שווידער איבערן קאַלטן לײַב,
אויף שפּיץ־פינגער גייט ער אין שטוב אַרײַן,
נישט אויפוועקן זײַן שלאָפנדיק שלאָף ווײַב.

3

יעדע וואָך איינמאָל צו „פּיקטשערס״ געגאַנגען,
יעדע וואָך געוועקסלט ס׳בוך אין ביבליאָטעק;
מיט אַ מאַן איז שוין אַ ביסל שווערלעכער,
ס׳באַשטעלט זיך נישט ווי אין רעסטאָראַנט אַ „סטעק״.

אַ קלוב, אַ טאַנץ־זאַל, „האָלידעיס״, די פּאַרטיי,
ס׳רעקרוטירט זיך — ס׳איז יעדער אַ קאַנדידאַט!
מען האָט שוין דעם שניט: מיט דעם סענטימענטאַל,
מיט יענעם פּאַן־בראַט, און אַפילו אויף בלאַט.

און אַז מען פאַלט אַמאָל מיט איינעם אַרײַן —
אויף הויכע אָפּצאַסן דרייט מען זיך פלינק אויס!
און איז די מאַמע נישט אַרײַנגעפאַלן — — —
אַ, דער „אָלד מען״ — דער טאַטע — נאָר נישט דאָס בלויז!...

און אַז מען טרעפט אָן דעם מאַן, דעם ריכטיקן,
דעמלט דער געראַנגל אויף לעבן און טויט:
אי מען נעמט נקמה שוין פאַר דער מאַמען,
און אי מען ראַטעוועט די אייגענע הויט.

4

דער דירעקטאָר מיינט, אַז ער נעמט זי אויס
דערווײַל גאָר האַלט זי אים פאַרן יאָלד,
עפּעס שפּירט זי, ס׳מאַכט זיך — — אַ דער „דאַרלינג״,
ר׳האָט עס דאָך דורכאויס אַזוי געוואָלט.

אַז וואָס וועט זי נישט טון אַלצדינג פאַר אים,
אין פייער און אין וואַסער פאַר אים גיין — —
איצט מוז זי בלויז דאָס נויטיקע האָבן,
צום דאָקטאָר וועט זי אַליין שוין גיין.

אָ, דער „דאַרלינג", ווי זי האָט דאָס אים ליב,
וואָס איז עס אַזוינס ליבע — — אָ גאָט!
שפּירט זי אונטערן האַרץ ס'וואַרפן פון קינד
אָדער ווייל קאַר אָפּגעשטעלט זיך האָט?

דער דירעקטאָר מיינט, אַז ער נעמט זי אויס,
און זי — אַז זי האַלט אים גאָר צום נאַר — —
נאָר ערגעץ אויף ברוך־שטול פון יסורים,
צאַפּלט איצט אויף דער „דאַרלינג" פון צער.

5

נישט קיין פּופּע אין קינדער־וועגעלע,
איר קליין שוועסטערל פירט זי שפּאַצירן,
ווי שיין ס'רופט „מאַ" און ס'מאַכט די אויגן צו,
און ס'פּנימל ווי פון וואַקס קאָלירן.

ס'איז דעמפּיק אין שטוב, דושנע און שטויביק,
קליינוואַרג ווי נישט געוואַשענע שטיגן,
מאַמע איז געגאַנגען וועש ווו וואַשן,
אָדער „אָפּפּערטיק־געלד" ערגעץ קריגן.

זעט עס נישט אויס ווי אַ פּופּקעלע שיין,
אַ רויט קליידל זי וואָלט דערפאַר האָבן,
אַלע קינדער דרויסן אין פּאַרק־גאָרטן,
מיט איר פּופּקעלע זי וואָלט באַגראָבן —

ווי שיין ס'רופט „מאַ" און ס'מאַכט די אויגעלעך צו,
ווי אַ פּופּע וואָס רעדט און קאָן שלאָפן,
האָט נישט אַ מאַן אויף אייז איר געגעבן,
מיט וועגעלע אין פּאַרק זי געטראָפן?

# שמייכלען אין דער נאכט אריין
(באַלאַדע)

יענע פּנימער אָפּגעלאָזענע, צעקנייטשטע,
נישט אויסגעשלאָפענע מיט פאַרכמורעטן בליק,
זיי ווערן אים נאָנטער נאָך מער און היימיש אַזוי,
גלייך צוזאַם מיט זיי געשלאָפן אונטערן בריק.

נישט לאַנג דויערן ס׳וועט און אין זיינע פּנים־פּאַלטן,
ווי צווישן שורות ער וועט שוין שרייבן זיין ליד,
און יענע דאָרט וועט עס מיט די פינגער באַטאַפּן,
שמייכלען אין דער נאַכט אַריין פאַרביטערט און מיד:

„אַז אַ בוים, אַ גרעזל, זעט מען דאָ אַזוי זעלטן,
און קיין זינג־פייגל פלאַטערן דאָ נישט פאַרביי,
גראַבלען זיך טויבן־פּאָרלעך אינם רינשטאָק, אין מיסט,
אויסטאַנצנדיק זייער ליבע־טאַנץ־וואָרקעריי — — —

„מיינסט, אַז אַ וואָרנע פּיקט זיך פון אייער־שול אַרויס,
אָ, ניין, זי ווערט עס פון אַ פאַרביטערטער טויב — —
אַז מען פאַרלירט דעם גלויבן אין איינציקן נאָנטסטן,
איז אין אַלעמען שוין, אינם פרעמדסטן נאָך גלויב —
— — — — — — — — — — „

יענע פּנימער אָפּגעלאָזענע, צעקנייטשטע,
זיי ווערן אים היימיש דאָ, ווי ס׳שטיקעלע ערד,
און אין די מענטשן ער גלויבט ווידער און אין זיין ליד,
אַז פון זיין פּנים אַראָפּ לייענען עס ער הערט.

# אין ווערטער נאָך בלויז . . .

טויזנט געזעצן עס האָט דאָס לעבן,
אָבער ליבע איז שטאַרקער פון זיי אַלע;
אין איר אויפּברויז עס איז דער טויט צומאָל,
אויף ברעג אַ ליגן געבליבענע כוואַלע.

טויזנט שטרויכלונגען עס האָט דאָס לעבן,
אָבער ליבע טוט אַלע אַדורכברעכן;
נישט געדאַנקן, נישט געפילן, נישט וואָרט —
מיט לעצטן אָטעם־צוג זי אויסצודעכן.

איז וויאַזוי מיט שכל צו דערגיין,
וויאַזוי מיט ווערטער זיך צו דערפרעגן,
צי מיט צאַפּלדיקן געפיל פון האַרץ,
אַז אינעם אין־סוף פירן אירע וועגן?

אין אומענדלעכקייט ציען זיך דורות,
אַ רינג אין אַ רינג קייטלט זיך דאָס לעבן;
מען שעפּטשעט זיך צו פון טאַטן צו קינד,
אָנפאַרטרויעטן סוד זיך איבערצוגעבן.

אויך איך אָנפאַרטרויט געוואָרן כ׳בין אים!
כ׳פיל אים אין מיין האַרץ, כ׳הער אים אין מיין אויער,
אָבער ווי נאָר איבער מיין מויל ער קומט,
אַרומגענומען כ׳ווער פון אַזאַ טרויער.

שוין שעפּטשע איך אים, שוין זאָג איך אים אויס,
און צווישן מיינע ציין ליפּן פאַרביסן,
ווי זיי גריזשן זיך איין, ווי שאַרף, ווי טיף!
איך שפּיר ווי די קייט ווערט אַדורכגעריסן —

כ׳האָב אים דערגאַנגען, דעם טונקלען סוד,
און עס טאָר זיך אים קיינער נישט דערוויסן,
ווי זיי גריזשן זיך איין, ווי שאַרף, ווי טיף,
אויף דיינע ליפּן בלוטיקן די ביסן —

טויזנט שטרויכלונגען עס האָט דאָס לעבן,
נאָר צומאָל קנאה, אייפערזוכט אַפילו,
מאַכט נאָך דאָס צעריסנסטע האַרץ הייליק —
אַ שטיק יריעה פון אַ פּסול־מגילה.

— — — — — — — — —
— — — — — — — — —

טויזענטער סודות עס האָט דאָס לעבן,
אָבער ליבשאַפט איינציק איז און פאַרשוויגן — —
יעדער פון אונז אַ טאָן, — אין מאָל, אין דור, —
אין האַרץ־צערייסנדיק דור־דורוסדיק־ניגון.

# אונטער א בליענדיקער ליפּע

1

איז עס איבער מיר די צעבליטע ליפּע,
אָדער גרויך פֿון דיין צייטיקן גוף?
בליצט גליאיקע יולי־זון דורך די בלעטער,
אָדער איבער מיר — דיין בליק: לעצטן פּרוּוו?

נישט אַ נאָמען, נישט דאָס דאַטום פֿון חודש,
איינגעקריצט איצט אין דער קאָרע פֿון בוים,
ערגעץ־ווו שטייט ער שוין אויף דער ליפּע דאָ,
אַ פֿאַרוואַקסענער, אַז מען זעט אים שוין קוים.

קריצן צוויי טראַפּן זיך צווישן מיינע ציין,
אָדער די גרילן שפּרינגענדיק אין גראָז?
אין דיין נאָמען דערמאָנט מיך די יולי־זון,
אין דיינע ליפּן — ליפּע־גרויך געבלאָז.

2

אַ קינד אונטער ברייטער שאַרץ זיך פֿאַרבאָרגט,
זיך איך אונטער דער צעצווייגטער ליפּע,
„באָר ווו קאָנסטו זיך פֿון דיר באַהאַלטן!“
גיט עס אין האַרץ מיר האַרט אַ כריפּע:

„פֿון אַ גריכיש פּייערל, ווען ס'איז ערלעך,
וואַקסט אַ סאָקראַטעס ביי אַ קסאַנטיפּע,
איז מען פֿאַלטש אָבער, אַ פֿאַרבאָרגענער,
פֿון אַן אשת חיל מ'מאַכט אַ קליפּה — —“

3

כ׳וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן יענעם ליפּע־טיי,
וואָס מאַמע געזאָטן האָט, ווען טאַטע פלעגט זיין קראַנק,
דאָס גאַנצע שטיבל האָט זיך אין שאַטנס געהילט,
געפּאָכעט איבער טאַטנס קאָפּ האָט ליפּע־צווייג — — —
אויפגייאיקער ווייִרויך־געַרוך הייליקער געטראַנק.

ווען טאַטע איז געקומען אויף שבת געזונט,
איינגעהילט איז געווען אונזער שטיבל מיט געזאַנג,
און מיין מאַמע, אירע פרומע הענט אין דער שאַרץ,
שטיל צוגעהאָרכט האָט זי זיך צום פליגל־געפּאָך — — —
מלאכים באַגלייטן מיין טאַטנס הייליקן גאַנג.

4

ווער קאָן זיך אויס אין דער ליבע,
פּונקט אַזוי אינם פּלאָנטער דערפון — —
קאָן מען דען, ווען זי שטייט אין צעניט,
אַריינקוקן אין דער יולי זון ?

מ׳באַהאַלט זיך פון דער זון אין שאָטן,
פון די מענטשן — מיט אַ שאַנד אין האַרץ !
כ׳בין אונטער ליפּע דאָ באַהאַלטן,
פּונקט ווי אונטער ברייטער־מאַמע שאַרץ.

5

שוין שיינען קאַשטאַנעס פון די צווייגן אַראָפּ,
און צווישן די בלעטער שלאַנקן זיך די בירן,
די עפּלען זונען זיך רויטלעך אין דער זון,
שמחת־תורה־פענער מיט זיי צו באַצירן.

זיינען די ביימער צו פאַרשמעקן מיט בליטן,
אָדער די צייטיקע פּירות אויסצוטראָגן ?
„ביידעס, און נאָך עפּעס : צו וויאַגען און פוילן — — —"
הער איך אין אויער אַריין שעפּטשענדיק זאָגן.

6

ווי עס סיקעט, ווי עס סלינעט אַזוי זיס:
אָט־אָ דאָס־אָ עס איז אַלצדינג און אַלץ?
אויב די ליבע מאַכט אונז נישט הכנעהדיק,
דערנידריקט דאָס לעבן — אַלנפאַלס!

אַ גלאַטע שלאַנג, צונגלדיק און גלעטנדיק,
פאַרוויקלט זיך טוליענדיק אַרום האַלדז.

אפנים, דאָס איז מסתם די גרויסע פרייד,
וואָס מען דערלעבט עס און עלטער מען ווערט:
קאָנען אָפּוואַרטן מיט אַ גוט האַרץ דעם טאָג,
ווען צוריק אַ שטויבעלע מען ווערט —

געווייס זיך דערוויסן, מיט גוט געוויסן,
אַ שטויבעלע צומאָל דאָס לעבן נישט ווערט.

און איז נישט דאָס די זכיה פון דער ליבע,
דורך איר דעם אמת צו קענען דערגיין,
גאָר דעם גרעסטן פון אַלע שוין, דעם טיפסטן:
אַ ליגן צומאָל דער אמת אַליין — —

ווער באַר עס דערלעבט עס און ווער ס'איז זוכה,
לענגער זיין ליגן געצויגן זאָל זיין.

# שולמית

צו טויזנט פרויען האָב איך געטראָגן מיין ליבע,
אויפגעלויכטן האָבן מיינע פינסטערע נעכט,
איצט זיינען זיי מיינע קייבס־ווייבער, מיינע שפחות,
און איך, דער קעניג, זייער דינענדיקער קנעכט.

ווי קלוג איך בין געוואָרן — דער חכם פון דער וועלט !
זייער פאַלשע כיטרעקייט האָט מיך קלוג געמאַכט.
איר גאַנצער חכמה ס'האָט יעדע אוועקגעגעבן,
נישט מיט אַ צווייטער — מיט איר כ'זאָל בלייבן די נאַכט !

ווי יענע פרוי דאָס קינד, זיי וואָלטן מיך צעריסן,
מיט די הוילע הענט בלויז זיי וואָלטן עס געקענט !
דאָס אויג, וואָס געווען פון ליבע ליכטיק צוגליט,
ווי ווערט עס, פון אייפערזוכט, מיט נקמה צעברענט.

דיך, שולמית, וויל איך ליבן אַצינד און שטאַרבן,
גלויבן אַז ס'איז אַזוינס ווי ליבע נאָך פאַראַן ;
מיין גאַנצע חכמה אין דיינע אָרעמס דערשטיקן,
בעסער ווי אַ קלוגער קעניג — אַ נאַר אַ מאַן.

צו טויזנט פרויען האָב איך געטראָגן מיין ליבע,
צו דיר איז זי אַ ליבלעכער געזאַנג געווען — —
זאָלן אויך דיינע אויגן, באַזונגענע אַזוי,
צו דיינע פיס אַ ליגנדיקן קנעכט מיך זען ?

דיך, שולמית, וויל איך ליבן אַצינד און שטאַרבן,
דיין קלוגקייט אין דער ליבע איז דאָך אַזוי גרויס !
ערשט דיין כיטרעקייט ווי געוואַלטיק מוז זי ווערן,
אַז תמיד רק ביי דיר נאָר איך זאָל בלייבן בלויז.

ליכטיק עס איז די ליבע, הייליק עס איז דער טויט,
אָבער דאָס לעבן ווי וואָכעדיק און ווי גרוי — —
נישט מיט אַ ניגון — מיט אַ ציענדיקן ליגנט,
פאַרוויגט זיך דער מאַן אין די אָרעמסט פון דער פרוי.

# דרויסן די פרוי

דרויסן די פרוי וואָס וויינט אויף דער גאַס,
אַ צעמימתטע ליגט פאַר מיין טיר — —
בין איך נישט איר מאַן דאָרטן אין שענק,
וואָס גיסט אין זיך אַ ביר נאָך אַ ביר?

אין זיין גלאָז שפּיגלט זיך יענער אָפּ,
געכאַפּט ער האָט אים שלאָפן מיט איר.

נאָך האַלבער נאַכט, טויט שכור,
נאָך מיטקויפן ר׳וועט אַ פולע פלאַש,
און וואַקלדיק אַזוי, — נישט די וואַנט,
טאַפּן ער וועט דאָס מעסער אין טאַש;

שעלטנדיק זיך, דערשלעפנדיק זיך,
קוים מיט צרות ביז פאַר זיין טיר — — קראַש:

מיטן קאָפּ, ווי אויף אַ יאַטקע קלאָץ,
פאַרוואָרפן ליגט זי איבער דער שוועל!
נישט דאָס מעסער פון טאַש געצויגן,
צו איר מיט מויל צוגעפאַלן שנעל — —

געזויגן גאַנצע נאַכט ווי פון אַ פלאַש,
און אין דער פרי, ווען ווערן ס׳וועט העל,

צו דער אַרבעט פלינק ער וועט איילן,
זי צו די קינדער אין שטוב אַריין —
— — — — — — — — — —
דרויסן די פרוי, וואָס וויינט אויף דער גאַס,
ווי ערלעך, ווי הייליק איר געוויין,

איך מיט פּען זיצנדיק דאָ ביים טיש,
ווי פישטשענדיק, ווי פיטשעדיק קליין.

# א ליד

כ׳האָב איינגעפּאַסט דיין שיינקייט אין טרוימען,
אָבער ווי לאַנג קענען חלומות אויסהאַלטן?
וועלקנדיקע, זיי וועלן פאַרשווינדן,
נאָך איידער דיין פּנים באַקומען וועט פאַלטן.

די געטאָקטע קנעכל פון דיינע פּיס,
אין בראַנזעלעטן געשלאָסן און געפאַנגען;
מיט דיין יעטוועדן דערוויטערן טריט,
פאַרלאָשענער וועלן אַלץ ווערן די קלאַנגען.

אין באָמבלדיקע אוירינגלעך פּערל —
הענגען אין דיינע אויערן ווערטער ווי טרערן — —
אַז צו זיך אַליין איך האָב זיי גערעדט,
איז ווי אַזוי געקענט זיי האָסט דו דערהערן?

נאָר דיינע בליקן אין מיין ליד פאַרשמידט,
אין געהעמערטן גאָלד פון האַרצן געריסן,
וועלן ליכטיק נאָך גלאַנצן און פינקלען,
ווען צאָן פון צייט האָט אונז ביידע שוין צעביסן.

# רבי מאירס געבעט

(פראַגמענט) „אלהא דמאיר ענני״.

צי ווייסן מיר דען ווי אַזוי און אויף וואָס מתפלל צו זיין,
ס'איז דאָך נאָר די שאָל, דאָס אויסערלעכע, וואָס דער
מענטש דערזעט ;
ניט אַז ס'זאָל אַנדערש ווערן, אַז ס'זאָל געשען וואָס מיר ווילן—
דעם גורל צו קענען דערטראָגן, דאָס בלויז איז מיין געבעט !

אַן אַנדערער צו ווערן, אַן אַנדערע אַז זי קאָן זיין,
עס פּלאָנטערט זיך מיין געדאַנק, דאָס אַז איך הויב אָן
צו פאַרשטיין.

דעמלט ווען אונזערע קינדער געלעגן זענען טויט,
געטוליעט זי האָט זיך צו מיין לייב מיט לאַשטשענדיקער פרייד ;
די געצונדענע ליכטעלעך, צוקוקנדיק אין אירע אויגן,
און פון קדושה ערשט איך האָב פאַרשטאַנען דעם באַדייט.

מיט הונדערט פּופּציק טעמים איך קאָן אַ שרץ מטהר זיין,
נאָר אַזאַ געריינקטקייט צו טיף פֿאַר מיר צו פֿאַרשטיין.

פֿון אלישע בן אבויה געוואָרן אַן אחר,
געזען ער האָט ישבב הסופרס צונג שלעפּן אַרום די הינט ;
איז ווער ווייסט וואָס פֿון מיין ברוריא ס'איז געוואָרן,
ווען געזען זי האָט איר פֿאָטערס לייב, אַש צעשטויבטער
אין ווינט ?

אין אַ ברענענדיקער ירועה, אין איר לייב, איך וויקל מיך איין ;
ברוריא, מיין ווייב, דיין ליבשאַפֿט איך וואָלט נאָר
געקענט פֿאַרשטיין.

פֿאַר אַלע, וואָס קומען צו מיר, אַ משל איך האָב, אַ וואָרט,
און אַ פֿריילעכער אַהיים ס'גייט דער אומגליקלעכסטער מאַן ;
ווי אין טיפֿסטער פֿינסטערניש אין פֿאַל און טיף איך פֿאַרזינק,
איבערשפּרינגען איך וויל דעם תהום, וואָס צווישן אונז
ס'איז פֿאַראַן.

ברוריא, מיין ווייב, איבער דיין לייב כ'גיי דערקלעטערן,
כ'גיי דערגיין,
דעם נמשל פֿון איין וואָרט בלויז משיג צו זיין און צו פֿאַרשטיין.

אין אונזער געביין יענער טראָפּן, וואָס טריפֿט אָן אויפֿהער,
לעכערט דאָס שטאַרקסטע האַרץ, ווי דעם האַרטסטן
פֿעלזן-שטיין ;
און די כאזריותן אין אונז, ווען נישט איבער אַ צווייטן,
איבער אייגענעם לייב מען מוז זיי קענען איבערגיין —

אָ, ס'איז די ליבע נישט אין יענעם געראַטעוועט צו זיין,
יענעם אין זיך צו ראַטעווען — — ברוריא,
דאָס צו קענען פֿאַרשטיין.

יאָ, עס איז מיין גאַנץ לעבן נאָר געווען אַזאַ לערנען בלויז,
די שאָל אַוועקצוװאַרפן און אַרויסצונעמען דעם תוך,
און פון דיר ברוריא, די שענסטע פרוכט פון מיין לעבן,
דאָס זיסעסטע, דאָס לעצטע, אַרויסצוזויגן נאָך — — —

„מה נאה אילן זה״! און ערשט ברוריא ווי דו ביזט שיין!!
משוגע איך ווער דאָס משיג צו זיין, דאָס צו פאַרשטיין.

אחר, אין שטויב פון דיין פערדס שריט איך בין געגאַנגען,
און דאָס אויך נאָר איין איינציקן, איין שבתדיקן תחום,
און נישט מער צום קערן שוין, צום האַרץ איך וויל דערגרייכן,
איך וויל זי רייסן צו מיינעם — אַן אָפּגעריסענע בלום — —

און איז די שאָל דען נישט שענער ווי די פּרי אַליין,
ווי מיט אָפענע אויגן מען קאָן זען מער, ווי מיט טיפסטן
פאַרשטיין?
מיט די אויגן, מיט די הענט, מיט לייבהאַפטיקן לייב,
אַרומנעמען אַ מענטשנס גוף ווי אַ גאָלדענעם געץ,
אין ווייסן קאַלטן ציטער פון דיינע אָרעמס, ברוריא,
איך בין געבונדן ווי אַ פאַרשטריקטער אין אַ נעץ.

דיין יעטווידן באַוועג, אַ געשניצטן ווי פון עלפנביין,
איך שפּיר נאָך, אפשר מיט מיין גערוך צו קענען
פאַרשטיין — — —

צי ווייסן מיר דען ווי אַזוי און אויף וואָס מתפּלל צו זיין,
און פאַרשטייען מיר דען דאָס ריכטיקע, ווען עס געשעט?
ס'איז דאָך די שאָל, דאָס אויסערלעכע, וואָס דער מענטש דערזעט
דאָס אינערלעכע, דאָס טיפע ס'איז תמיד צו שפּעט — —

אַז מיט לייבהאַפטיק אייגענעם לייב מיר מוזן דערגיין,
און מיטן טויט ערשט מיר דערפילנס, צו קענען פאַרשטיין.

## ווידמונג

I

דו ביזט קיין פרוי נישט, ביזט קיין ווייב נישט;
קאָן אַ מענטשן־קינד זיין אַזוי עכט?
ווי גרויזאַמדיק גוט, ווי ליבלעך שלעכט — —
דו ביזט אַ מוזע, ביזט אַ געטין,
פאַר געטער אָפּפערט מען און מען שעכט.

נישט מילך לאָגלען פאַר זייגענדיקע
הענגען פול פון דיין לייב דיינע בריסט;
אַ מוזע אַ געטין ווי דו ביזט!
פאַר געטער אויף זיי אויסצורוען,
פוך־קישעלעך פון פיינסטן באַטיסט.

פול מלאכל פליגלע, צעשליסנס,
פעדערל צעפעכלט העכסטע הייך,
ווי אַטלעס־זיידן, ווי צערטלעך ווייך.
און די קנעפּעלעך, בורשטינענע,
עטעמען פערלמוטערדיק בלייך.

ווי פאַר אַ שפּיגל, פאַר דיין שיינקייט,
געשטאַנען און געשפּיגלט מיך כ׳האָב,
און ווען אויף דיין ברוסט גערוט מיין קאָפּ,
איינער פון אייך, פון די הימלישע,
פון הימל געפאַלן כ׳וואָלט אַראָפּ.

ווען צוויי הימלישע, וו צוויי געטער, — —
אַ געראַנגל ביז דער טאָג גייט אויף!
צו גאָט דער אָפּפער־דאַמפּף גייט אַרויף —
— — — — — — — — — — —
דו ביזט אַ מוזע, אַ געטין,
און איך — פאַרלוירן אינם אין־סוף.

II

גאָר די תענוגים גאַנץ אויסצוגעניסן,
פון אַלע נישט נאָכקומענדיקע דורות,
מוז מען אויך זייערע יסורים אויסליידן;
נישט נאָר צוריק נישט אַריין, אויך נישט אַרויס,
מען קאָן פון פאַרשלאָסענעם גן־עדן.

עס וויקלט זיך די שלאַנג אין האַרצן אַריין,
דעם לעצטן טראָפּן דאָרטן אויסצוזויגן,
און איבערן קאָפּ, פון צווישן די צווייגן,
זיינען עס אירע אויגן, גיפטיק סיקנדיק,
אָדער גאָטס, פול מיט פרעגנדיק שווייגן:

ס׳קאָן זיך דען באַפרייען איינער פון צחייטן,
זיך פאַראייניגען איינער מיטן אַנדערן ?
ס׳זיינען דורות אין לייד און פרייד פאַרפלאָכטן — — —
אַז זיי זאָלן גאַנץ אויסגעטראָגן חערן,
עס דורסט דער שטאַרקער דעם אונטעריאָכטן.

III

בעסער פון גן־עדן זיין אַרויסגעטריבן,
און חלומן אַריינצוקומען צוריק,
איידער מיט פינסטער פאַרלאָשענעם בליק,
פאַרגליוערט פאַרשחיגן אינחייניק געבליבן.

נישט מיט חערטער חערן לידער אויפגעשריבן,
יעדעס ליד פון האַרצן געריסן אַ שטיק !
אַז פונם האַרטסטן שטיין נאָך, — אָ, חאָסער גליק ! —
ליכטיקע פונקן חערן אַרויסגעריבן.

חי גליאיקע ליפּ, אַ ברענענדיקע אויף ליפּ,
חי לעבעדיק צאַפּל אונטער זיבנטער ריפּ,
ס׳איז דאָס צאַפּלדיקע, דאָס גליאיקע חאָרט —

אַז חי פונק פון קאַלטן שטיין געריסן ס׳איז חאָר,
לייבהאַפטיק אַריבער עס גייט פון דור צו דור,
איז גאָטס חאָרט אין גן־עדן — אין יעדן אָרט.

IV

. . . און אויב נישט איינגעשלאָסן עס איז אין זיי,
חי אין דיין לייב, צאַפּל פון מיין לעבן,
אותיות, הייליקע מיינע, פאַרשעמטע,
חי דו פונקט, זיי חעלן מיר פאַרגעבן.

חי טרוקן עס איז דאָס שטיקעלע ערד דאָ,
טרויעריק גייען אויף מונטע חערטער ;
כ׳בין נישט פון שטויבל דאָ צונויפגעקנאָטן,
אָבער פון מיין ריפּ לייב דיין באַגערטער —

גאַנצער ציטער אונזערער פאַרן לעבן,
אין געזעגענען ער איז געלעגן — — — —
אַז גליאיק אַזוי לייבער אויפברעכן —
אַ פאַרשלאָסן שטיק ערד פאַרן רעגן —

— — — — — — — — — — —

„רשפיה רשפי אש שלהבת יה“,
פון אַש אַרויס, פון פונק געבליבענעם,
פלאַמען־צונגען אויפבלאָזן, אויסאָטעמען,
איבער בריאיקן אויפגעשריבענעם —

עס איז חי דאָס אויפצוקן פון לייב אין לייב,
דער צוק אונטער אות אייביק צו בלייבן !
אותיות, הייליקע מיינע, פאַרשעמטע,
שטאַרק חי די ליבשאַפט, זיי אויפצושרייבן.

אויב מיט ליבשאַפט לעבן מ׳קאָן אויסטראָגן,
אומשטערבלעכקייט מיט אייפערזוכט נקמה, —
ס׳צוקט אויף אַ האַרץ דימענטן־בליץ, מעסער־שליף ? !
גאָט באַשיץ און באַשירעם מיין נשמה.

בלויז גאָט פון אַ ריפּ אַ חייב קאָן אויסשניידן,
און דעם אָטעם זיינעם אַריינהויכן,
מיר דאָס גאַנצע האַרץ אַרויסרייסן מוזן,
אַז דערגרייכן ס׳זאָל צום תוך התוכן —

— — — — — — — — — — —

ווערטער, הייליקע מיינע, פאַרשעמטע,
אינגאַנצן פאַרצויגן אַ האַרץ מוז ווערן,
אין שנירלעך פערל אויפציען צו קענען,
אויפציטער פאַרציקנדיקע טרערן.

אויב נישט איינשליסן געקענט איך האָב אין וואָרט,
ווי אין דיין לייב, צאַפּל פון מיין לעבן,
אין צוקן פון צער אָבער, אויפגעציטערטן,
אין שטיל־שווייגן פון שטילן פאַרגעבן — — —

V.

איך וועל אויסבאָרגן אַ צילינדער אויף פראָקאַט,
דו — אַ פאַרשטויבטן באַפלעקטן כלה־שלייער ?
עס איז דאָך קיין דרים שוין נישט איבערגעבליבן,
פון טאַטע מאַמעס געהייליקטן אויסשטייער.

און ס׳קנוילעכל זייד, דאָס פאַרשלייפטע, פאַרקניפּטע,
כלות מיט זיי מען פלעגט פּרוװן ביים „באַשויען״,
ערגעץ פאַרקייקלט, פאַרפּלאָנטערט און צעגריזשעט,
טיף אין אַ לאָך ווו, אין אַ פינסטערן גרויען.

ס׳איז שטאָט, דראָט־פאַרפּלאָנטערטער פאַרקייקלטער ראָד !
און ווער קאָן אויסבלאָנקען דעם קייבל־געדריװל ?
נישט שענער שוין פון אַלע פאַרשלייפטע ווערטער
„קול חתן קול כלה״ אויף חתונה־בריװל ?

אַז וואָס זיינען אַלע מיינע וואָרסטע לידער,
קייגן „ווייגענדיקס״ פון בדחן ביים באַדעקן —

— — — — — — — — — — —

וועט אינם כלה־שלייער, דעם אויסגעבאָרגטן,
בלייבן נאָך אַ פלעק צווישן די טרערן־פלעקן.

ווייטשעפּל, 28.8.52

# אינהאלט


| | זייט |
|---|---|
| הושע | 5 |
| נישט געשריבענער בריוו | 11 |
| זיבן מאָל אַרומוויקלען מ׳קאָן די ערד | 13 |
| די באַגעגענונג | 14 |
| אַ שאָד אַ רגע צו פאַרלירן | 15 |
| ליבע־ליד | 16 |
| נישט געדאַנקען מער, נישט געפילן | 18 |
| מענטשן צוויי | 19 |
| *** | 20 |
| „כלה־מתנות“ | 21 |
| דער תנא | 34 |
| סעפטעמבער־בלומען | 36 |
| סעפטעמבער | 38 |
| סעפטעמבער־וואָלקנדלעך | 39 |
| אַ גאַנצע נאַכט דער רעגן פאַר מיין פענסטער | 40 |
| האַלבע לבנה | 42 |
| וואָלקנס | 43 |
| אָסיען־בלומען | 44 |
| מעג דער הימל ווי פאַרכמאַרעט זיין און גרוי | 45 |
| טריפטיך | 46 |
| אין ווינט און אין רעגן | 48 |
| אָקטאָבער־וואָלקנס | 50 |
| לעצטע באָבע־יאַכנע פעדעם | 51 |

| | זייט |
| --- | --- |
| אומרו | 52 |
| נאַכטעמבער־ביימער | 53 |
| ווינטער־בלומען | 54 |
| דאָס ליכט | 55 |
| פריש־געפאַלענער שניי | 56 |
| אין געדיכטן נעפּל | 57 |
| דריי לידער | 58 |
| צוויי לידער | 60 |
| אָרכידייען | 61 |
| ווייטשעפּל־אידיליע | 63 |
| נאָך האָב איך אויף פּנים די זון פון ישראל | 68 |
| אין מיין שטיבל | 71 |
| דער מאַגנאָליע־בוים אין וויקטאָריאַ־פּאַרק | 73 |
| דער דעמב | 74 |
| בליענדיקע פלוימען־ביימער | 75 |
| דאָס ביימל אין מיין הייפל | 76 |
| מיין ליד | 77 |
| אָפּגעהאַקטע ווערטער | 78 |
| דער אָדלער | 79 |
| קליינע זומער־לידלעך | 80 |
| געצייטיקט | 82 |
| אין צייט פון שניט | 85 |
| טוליפּן פאַר זון־פאַרגיי | 87 |
| מיענטע, רומיאַנעק און לאַווענדל | 88 |
| „זאָלן בלומען רעדן" | 89 |
| *** | 93 |
| דריי לידער | 94 |
| די „האָלידעי"־לידער | 96 |
| מרחשוון־לידלעך | 104 |
| אין נעפּל | 106 |
| אין גרויען נעפּל אַריין | 108 |

| | זייט |
|---|---|
| דער מאָנומענט | 110 |
| צווײ סאָנעטן | 111 |
| *** | 113 |
| אָבער | 114 |
| אַ לעצט געזאַנג צו מײן לײב אויסצווזינגען | 115 |
| אַז דער טרויער פאַרגנבעט זיך אין האַרץ | 116 |
| מאַסקעס | 117 |
| סערענאַדעס | 123 |
| ערב פרילינג לידער | 126 |
| צו דער זון | 130 |
| בײם טײכל | 131 |
| די בליענדע װערבע | 132 |
| דאָס בעז־בײמל | 133 |
| צו אַ בליענדיקן גאָלד־רעגן־בוים | 134 |
| יאַסמין | 136 |
| צװײ אַקאָרדן | 137 |
| דער אַלטער אַקאַציע־בוים | 138 |
| איבער קװאַליקן לבנה־פעלדזן | 139 |
| צװײ סאָנעטן | 140 |
| *** | 142 |
| סאָנעט | 143 |
| אויסטערליש | 144 |
| קלײנע גרויס־שטאָט באַלאַדעס | 145 |
| שמײכלען אין דער נאַכט אַרײן | 148 |
| אין װערטער נאָך בלויז | 149 |
| אונטער אַ בליענדיקער ליפּע | 151 |
| שולמית | 154 |
| דרויסן די פרוי | 155 |
| אַ ליד | 156 |
| רבי מאירס געבעט | 157 |
| װידמונג | 161 |